ה. ד. נאָמבערג

# ערציילונגען

ערשטער באַנד

כלל־פאַרלאַג
בערלין, 1922 תרפ"ב

K L A L - V E R L A G
BERLIN SW 68 / MARKGRAFENSTRASSE 73

# אינהאלט

# I

ווען מען רעדט וועגן יוגנט און געזונטקייט, שטעלט זיך מיר פֿאָר, ווי לעבעדיג, סאָניע, אַ יונגע מאָלערין, וואָס איך האָב קענען געלערנט פּאַר עטליכע יאָר אין מינכען. קוקנדיג אויף איר, וואָלט קיינעם ניט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז זי געהערט צו דער קינסטלערישער ראַסע. אַ רויט, פול פּנים מיט רונדע ליניען, אַ פעסט געבויטער קערפּער, קרעפטיג און שטאַרק; ענערגישע, זעהר לעבעדיגע אויגן; מיט איין וואָרט, אַ ווייב פון בלוט און מוסקלען, וואָס האָט ווייניג געהאַט אין זיך פון דער ווייבערישער שוואַכקייט. פון וואַנען האָבן זיך גענומען צו דעם באַשעפעניש אַזוי פיל ווייכקייט און פאַרחלומקייט, וואָס זי האָט אויסגעדריקט מיט איר פּענזל, — פאַר פיל איז דאָס געווען אַ רעטעניש. פון איר גאַנצן וועזן האָט גערעדט איין טאָן, וואָס האָט אַלע איבעריגע פאַרטונקלט; איר געזונטקייט, איר שפּראָצעדיגע יוגנט, אַן אַנטוויקלטער קערפּער, איבערגעפילט מיט קרעפטן. ערשט מיט דער צייט האָב איך באַמערקט אין איר פּנים אָריגינעלע ליניען: רויהע, ווילדע צוגן; באַזונדערס, ווען זי האָט גערעדט, פלעגט פון צייט צו צייט דורכלויפן איבער דעם פּנים, שנעל ווי אַ בליץ, אַ ווילדקייט פון אַ בעסטיע, און אין די קאַנטיגע ווינקלען פון איר הערליכן שטערן האָב איך געפונען פיל אָנגעבוירענע אינטעליגענץ. דאָס גאַנצע באַשעפעניש איז אַלט געווען ניט מער, ווי צוואַנציג יאָר, און האָט געהאַט פיל טאַלענט. די פּראָפעסאָרן האָבן זי גערימט. זי האָט געמאָלט קי, סטאַרעס שעפּסן, דעם שטילן ים און דעם דרום־הימל (איר פאָטער איז געווען אַ אידישער גוט־באַזיצער אין דרום־רוסלאַנד)

מיט פיל ליבע און פרישקייט. דערצו איז זי געווען אַ פרייע נאַטור, אָפנהאַרציג, טיילמאָל ביז גראָבקייט, האָט ליב געהאַט אַלערליי ספּאָרטן, באַוועגונגען, ליכט און לוסטיגקייט. צוויי וואָכן נאָך אונזער באַקאַנטשאַפט בין איך שוין געווען פאַרליבט אין איר ביז איבער די אויערן, און זי מיך האָט אויך ליב געהאַט, אויף יערן פאַל, מער פון אירע אַלע איבעריגע באַקאַנטע.

מיר האָבן נישט פיל געפאָדערט איינער פון אַנדערן, נישט גענומען אונזער פאַרהעלטעניש צו ערנסט און מיר האָבן גע־לעבט גליקליך. קיין ווייכקייטן און צערטליכקייטן האָט זי נישט ליב געהאַט; זי האָט נישט געוואָלט בלייבן פּאַסיוו אַפילו אין איר ליב־האָבן. זי האָט, רוכט זיך, נישט געוואוסט פון שטילער בייַנק־שאַפט, פון ציטעריגע געפילן; איר ליידנשאַפט איז זי באַפאַלן ווי אַ שטורעם־ווינט. טיילמאָל, גייענדיג מיט מיר אויף דער גאַס, האָט זי געקאָנט אָננעמען מיין האַנט, דריקן זי פעסט און צוטוליען זיך צו מיר, ווי אַ קינד. אָדער עס האָט געטראָפן, אַז איך בין געזעסן בײַ איר ביז שפּעט אין דער נאַכט און איך האָב באַמערקט, ווי זי ווערט אויפגערעגט, ווי אויף איר פּנים לויפן דורך די בליצן פון ווילדקייט. דעמאָלט איז זי פּלוצלינג אויפ־געשטאַנען און געהייסן מיר גיין:

— נו, פּאַק דיך אַהיים. און מאָרגן קום נישט — האָט זי נערערט ענערגיש.

און קושנדיג מיך פאַרן אַוועקגיין, אָנשטאָט אַן ענטפער אויף מיין פּראָטעסט נישט צו קומען, האָט זי מיך צוגעשטופּט צו דער טיר:

— נו, גיי; איך וועל קומען צו דיר, אויב עס וועט זיך מיר וועלן. איצט פּאַק דיך, גיכער!

אין דער זעלבער צייט האָט מיך זעהר פאַראינטערעסירט מיינער אַ באַקאַנטער, אַ אידישער סטודענט פון רוסלאַנד, וואָס האָט זיך האַלב אַסימילירט אין דייטשלאַנד, שוואַרצוואַלד האָט ער געהייסן. ער איז געווען קלוג, זעהר אינטעליגענט, נאָר מיט אַ שוואַכן, לירישן כאַראַקטער; אָרים, פאַרשטויסן און עלנט. אַ צעבראָכענער מענש. איך האָב אים געפּרובט צו מאָלן, האָב פיל געאַרבעט איבער זיין פּאָרטרעט, נאָר מיר האָט זיך בשום

אופן נישט איינגעגעבן אויפצוכאַפּן דעם גרונד־טאָן פון דעם פּנים, דאָס, וואָס מיך האָט אייגנטליך דערין אינטערעסירט. דאָס איז געווען אַ קרייגקליך מאָגער פּנים, מיט איינגעפאַלענע באַקן, מיט אַן אַרויסגערוקט מויל, מיט אַ לאַנגער אָדלער־נאָז, אַליין פאַר זיך אפשר נישט מאוס און טיפּיש, נאָר פון דעם מאָגערן געזיכט האָט זי אַרויסגעשטאַרט ווי איבעריג. און דאָך האָט דאָס פּנים פאַרמאָגט עפּעס טיף־סימפּאַטישעס, וואָס האָט צוגעצויגן צו זיך, — דאָס, וואָס איך האָב סוף כּל סוף נישט געקאָנט אויפכאַפּן און אויפמאָלן. אין די ליניען פון זיינע קין־באַקן, אין די קנייטשן, נעבן מויל איז געלעגן אַ מאָדנע אונטערטעניגקייט, אַן אומבאַהאָלפנקייט, אַ האָפענונגסלאָזיגקייט . . . ניין, איך דריק מיך נישט ריכטיג אויס. דאָס אַלץ איז געלעגן אין זיינע גראָהע, טיפע, פאַראומעטעטע אויגן; אין די ליניען פון פּנים איז געלעגן עפּעס אַנדערש — אַ הייליגקייט? אויך נישט דאָס, ריכטיגער: אַ שטילקייט און אַ רוהיגקייט; אַ רוהיגקייט פון אַ טויט פּנים. ס׳איז געגוג געווען, ער זאָל צומאַכן די אויגן און פאַרוואַרפן אַביסל דעם קאָפּ אַרונטער, אום עס זאָל פאַרשווינדן פון אים יעדער שפּור פון לעבן און באַוועגונג, און ס׳זאָל זיך דוכטן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ טויטן קאָפּ. דער גאַנצער מענש האָט אויסגעזעהן צו זיין געקנאָטן פון ליידן, נאָר אויך די ליידן האָבן נישט מער געלעבט; זיי זייגען געלעגן טויט, פאַרגליווערט אויף זיין פּנים. און טראָץ דעם, איז קיין שאָטן פון פאַרביטערטקייט, קיין צייכן פון גאַל און סאַרקאַזם נישט געווען צו געפינען אין זיין פּנים!

איך האָב דערציילט סאָניען וועגן אים, און זי איז געקומען אים באַטראַכטן, ווי עפּעס אַן אינדיאַנער פון אַמעריקע. זי איז געקומען, בשעת איך האָב געאַרבעט, און ער האָט פאָזירט פאַר מיר, און האָט זיך גלייך גענומען אים אַרומקוקן, פון דער נאָהענט, פון אַ פּערספּעקטיוו, פון אַ פּראָפיל, אָהן שום צערעמאָניעס, נישט צו ריידן מיט אים קיין וואָרט. איך האָב מיך אַזש פאַרשעמט. איך האָב ניט געקאָנט שוואַרצוואַלדן, האָב געקאָנט זיין אַנגעבאָרענעם שטאָלץ, וועלכן ער האָט געוואוסט אָפּצוהיטן, טראָץ זיין גוטמוטיגקייט. נאָר סאָניע אַליין האָט זיך באַלד געכאַפּט און גענומען זיך פאַרענטפערן פאַר אים:

— אַנטשולדיגט, הער שוואַרצוואַלד, — האָט זי געזאָגט, — וואָס איך דערלויב זיך אייך אַזוי צו באַטראַכטן. אַזוי איז שוין אונזער נאַטור. פאַר אונז עקסיסטירט דאָך ניט קיין זאַך, אויסער דער ליניע און דער פאַרב. נישט וואָר?

איך האָב באַמערקט, אַז זי האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף מיין באַקאַנטן; ער האָט אַפילו נישט געטראַכט צו פילן זיך באַליידיגט און האָט געענטפערט גוטמוטיג:

— וואָר; געוויס.

— און אָט זעהט איר, איך שפּאַר מיך אַלץ מיט אים (זי האָט אָנגעוויזן אויף מיר). ער זאָגט, אַז זעהן די ליניען און די פאַרב איז ניט גענוג; מען מוז נאָך פילן די נשמה פון דער זאַך. צי איז דאָס אַזוי? איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזעהן קיין נשמה, איך וויים נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס. ווי אַזוי זאָל איך זי פילן? ווי מיינט איר, הער שוואַרצוואַלד? ער האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט קלוג און איר האָט קלאָרע באַגריפן וועגן קונסט.

— אָ! — האָט שוואַרצוואַלד אויסגערופן — איך בין קיין קינסטלער נישט, נאָר אַ סטודענט־פילאָזאָפיע; וועגן קונסט קאָן איך נאָר פילאָזאָפירן; פאַר אַ קינסטלער ווידער איז פילאָזאָפירן גאָר אַן איבעריגע זאַך.

— אָט אַזוי האָב איך ליב, אָט דאָס זאָג איך אויך! איך וויל גאָרנישט וויסן, איך וויל זעהן און מאָלן; זעהן און מאָלן און ווייטער גאָרנישט.

איך האָב מיך אָנגעהויבן שפּאַרן:

— מען מוז דאָך האָבן האַרץ, געפיל; מען מוז דאָך האָבן אַ באַציהונג צו דער זאַך, וואָס מען מאָלט; אַ גייסטיגע פּערספּעקטיוו...

און מיר האָבן זיך גענומען שפּאַרן לויט אונזערן געוויינליכן שטייגער.

שוואַרצוואַלד האָט געשוויגן, ער האָט זיך ניט אַזוי פיל איינגעהערט, ווי צוגעקוקט צו דער יונגער מאָלערין, וואָס איז אַזוי איינגעליבט אין ליניען און פאַרבן. צום סוף האָט ער זיך געשטעלט אויף איר זייט:

— איר זענט דאָפּלט נישט גערעכט — האָט ער זיך געווענדט צו מיר — איינמאָל, וואָס איר שפּאַרט אייך. דאָס לאָזט איבער פאַר אונז, פילאָזאָפן. א י ר דאַרפט נאָר מאָלן. צווייטנס, זעהן אַ זאַך, זעהן זי קינסטלעריש, הייסט זעהן זי מיט האַרץ ,מיט גע־פיל, מיט אַ גייסטיגער פּערספּעקטיוו, מיט אַלעם דעם, וואָס איר ווילט. איר שפּאַרט אייך וועגן ווערטער.

מיר האָבן זיך גענומען צוזאַמען באַטראַכטן מיין אַרבעט. זי איז קיינעם נישט געפעלן. מיר — נאָך ווייניגער, ווי זיי ביידן. אויף צו מאָרגנס האָב איך אָנגעהויבן אויף דאָס ניי, און ווידער נישט געענדיגט, ווידער גענומען אים מאָלן אין אַ נייער פּאָזע. פון דעם אַלעם איז אָבער גאָרנישט אַרויסגעקומען.

---

## II

אין דער צייט פון מיין אַרבעט פלעגט סאָניע אָפט אַריינקומען צו מיר. שוואַרצוואַלד פלעגט אָפט מיט מיר אַריינגיין צו סאָניען און פאַרברייגגען מיט אונז צוזאַמען דעם אָוונט. לאַנגווייליגע אָוונטן זיינען דאָס געווען. זיי האָבן זיך געשלעפּט פּאַמעליך און אומעטיג און האָבן איבערגעלאָזט אין האַרץ אַן אומצופרידנקייט, עפּעס אַ שווערע, אומבאַקאַנטע זאָרג. ער אַליין איז געזעסן און געשוויגן. מיר האָבן זיך געשעמט צו ריידן, וועגן וואָס ריידן? פילאָזאָ־פירן?—אונזערע אידייען אינטערעסירן אים נישט, ער האָט זיי טויזנט מאָל געהערט. פלוידערן? — דאָס איז געווען אוממעגליך; זיין געגנוואַרט האָט אָנגעוואָרפן אַ טונקלען שאָטן אויף אונזער געמיט. פון זיין גאַנצן וועזן האָט געווייט אַ האָפענונגסלאָזיגקייט, אַ וויסטער אומעט פון שוין לאַנג חרוב־געוואָרענע וועלטן. אין זיין געגנוואַרט, דוכט זיך, האָט מען געקאָנט טראַכטן און ריידן נאָר וועגן איין זאַך — וועגן טויט.

און אין די לאַנגווייליגע אָוונטן האָב איך זיך צוגעקוקט צו זיין פּנים, האָב שטודירט יעדע איינציגע ליניע, יעדן איינציגן קנייטש, יעדע באַוועגונג, יעדע מינע, יעדן בליק. און גאַנץ גיך

האָב איך אַנטפּלעקט אַ שרעקליכן סוד: דער אָרימער מענטש האָט טיף פֿאַרגעטערט די סאָניע, ער האָט זי געגעסן מיט די אויגן, ער האָט זיך פֿאַרליבט אין איר, פֿאַרליבט אומזיניג, מיט דער גאַנצער קראַפט פֿון זיין האָפענונגסלאָזיגקייט! אַז זי האָט געערדט אָדער איז נעהענטער צוגעגאַנגען צו אים, האָט זיך זיין געזיכט מאָרנע געענדערט. עס האָט אויסגעזעהן, ווי די פֿאַר־גליווערטע ליירן זאָלן צעשמאָלצן ווערן; זיי זיינען געוואָרן לעבעדיג, האָבן דערציילט שרעקליכע, האַרצרייסנדע געשיכטעס און האָבן געבעטן, געבעטן... אַך, ווי ווידעריג ראָס פּנים איז אין די מאָמענטן געוואָרן! ווי אומבאַהאָלפֿן, ווי קריינקליך שוואַך, ווי רחמנותדיג און ווי נאַריש: איך האָב פֿיל מאָל ניט געקאָנט איבערטראָגן און האָב מיר פֿאַרדעקט מיט די הענט די אויגן. און סאָניע — זי האָט זיך געלאַנגווייליגט. געפֿילט זיך טרויעריג, מיר און אַפּאַטיש נאָך אַזאַ אָוונט, און דאָך האָט זי נישט געזוכט קיין וועג אָפּצוהאַקן מיט אים. פֿאַרקערט: זי האָט אים שטענדיג געבעטן קומען און האָט געהאַט פּרעטענזיעס, אויב ער האָט זיך אַ טאָג צוויי ניט געוויזן.

— זאָג מיר, — האָט זי מיט מיר געטענעט נאָך דעם, ווי ער איז אַרויסגעגאַנגען, צו וואָס לעבט אַזאַ מענטש?

איך האָב געשוויגן, נאָר זי איז צוגעשטאַנען צו מיר, פּונקט ווי ראָס וואָלט געוועזן מיין שולד און מיין לעבן.

— ער גלויבט אין גאָרנישט, ליבט גאָרנישט, האָפֿט אויף גאָרנישט. אַלץ, אַלץ איז אים גלייך! קיין זאַך אינטערעסירט אים נישט, נישט קיין ביכער, נישט קיין מענטש, נישט קיין קונסט — גאָרנישט, ווי אַזוי זשע לעבט ער? זאָג מיר, איך פֿרעג דיך.

— ער לעבט, ווייל ער לעבט, צו וואָס לעב איך? צו וואָס לעבסט דו?

— איך? איך האָב ליב די קונסט!

זי האָט די ווערטער אַרויסגערעדט מיט אַזאַ שטאָלץ און זיכערקייט, אַז זי האָט געקאָנט איבערציינן דעם גרעסטן סקעפּ־טיקער. די קינסטלערין אין איר האָט זיך אָנגערופֿן און האָט געפֿינקעלט אין אירע אויגן.

— און אפשר האָט ער אויך וועמען ליב. מען קאָן נישט וויסן — האָב איך באַמערקט קורץ.

זי האָט פאַרשטאַנען דעם וואונק, און אויף אירע ליפּן האָט, אָנשטאָט אַן ענטפער, געשפּילט אַ צופרידענער שמייכל. דאָס איז געווען איר אַרט אַזוי אָפּצוהאַקן אַ געשפּרעך מיט אַ באַזונדערן שמייכל, וואָס האָט באַדעקט איר גאַנץ פּנים און האָט דערציילט פון אַ טיף גליק־געפיל און איינגעליבט זיין אין זיך, וואָס האָט קיין גרעניץ ניט.

און אַזוי זיינען דורך אָוונטן נאָך אָוונטן.

זי האָט זיך געלאַנגווייליגט מיט אים און האָט אים צוגע־לאַסטשעט; פאַר מיר האָט זי זיך געקלאָגט אויף דעם „שוואַרצן שאָטן" (אַזוי האָט זי אים גערופן), וואָס וואַרפט אָן אַן אומעט אויף איר נשמה, און אים האָט זי געבעטן קומען און האָט נישט אויפ־געהערט צו רייצן זיינע נערוון. זי פלעגט זיך שפּילן מיט זיין האַנט, פלעגט אים הייסן, ער זאָל באַרירן די מוסקלען פון אירע הענט און זעהן ,ווי שטאַרק זי איז, און האָט זיך שטייף געשטעלט קעגן אים אין איר יוגנטליכער פרישקייט, אַרויסרוקנדיג איר ברוסט. דער אָרימער מענש האָט זי געפאָלגט, ווי אַ קינד.

איך האָב אַלץ נאָך געאַרבעט איבער זיין פּאָרטרעט, כאָטש איך האָב שוין געפילט, אַז דערפון וועט גאָרנישט ווערן, מיר איז דערעסן געוואָרן מיין אַרבעט, נאָר אָט איז אַריינגעקומען סאָניע, אין אַ ווייס פוטערן היטל, גערויטלט, קלינגענדיג מיט די גליטש־אייזנס, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט, און האָט מיט־געבראַכט מיט זיך אין צימער אַריין די פרישקייט און שיינקייט פון פראָסטיגן, זוניגן ווינטער־טאָג, צו וועלכן זי איז אַזוי ענליך געווען. שוואַרצוואַלד איז אויפגעשטאַנען איר אַנטקעגן און האָט זי באַגריסט לוסטיג און דרייסט, גאָר נישט ווי זיין שטייגער, דאָס איז געווען איינער פון די קריינקליך־לעבהאַפטע מאָמענטן, ענליכע צו דעם פלוצלינגגען אויפפלאַקערן פון אַ ליכט, וועלכע זיינען אים באַפאַלן פון צייט צו צייט. ער איז געוואָרן רירעוודיג... פריילעך, ווי אַ נייער.

— און וואָס איז מיטן פּאָרטרעט? — האָט סאָניע געפרעגט.

— ס'וועט גאָרנישט זיין דערפון — האָב איך געענטפערט.

— לאָז, איך וועל פּרובירן; זעצט אייך שוואַרצוואַלד.

זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל, האָט גענומען אַ בלייסטיפט און געצייכנט עטליכע ליניען, נאָר דאָס איז איר באַלד דערעסן געוואָרן, און זי האָט אַוועקגעלעגט די אַרבעט.

— דאָס איז נישט פאַר מיר — האָט זי געזאָגט.

— ניין, ריסעוועט מיך, איך בעט אייך — האָט שוואַרצוואַלד זי געבעטן. — איר דאַרפט מיך ריסעווען. איך בין זיכער, אַז אייך וועט עס געלונגען, אייך, נאָר אייך.

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס? — האָט זי געפרעגט פּראָסט.

— איך ווייס, איך בין זיכער. איך פיל דאָס, אין אמתן; ריסעוועט מיך.

בעטן, איינרייִדן — דאָס איז ניט געווען אין שוואַרצוואַלדס נאַטור. און ס׳איז אויסגעקומען אַזוי מאָרנע, אַזוי אומבאַקוועם צו הערן אים רייִדן אין אַזאַ טאָן.

— נו, לאָזט מיך צו רוה — האָט סאָניע געזאָגט — איך קאָן אַזעלכע פּנימער ניט ריסעווען.

— פאַרוואָס?

— ווייל זיי זיינען נישט שיין.

שוואַרצוואַלד איז איבערראַשט געוואָרן פון איר קורצן ענטפער, וואָס איז, רוכט זיך, נישט געווען קיין נייעס פאַר אים. וויפיל מאָל האָט ער אַליין פאַר מיר גערעדט מיט פאַראַכטונג וועגן זיין אויסערליכער אומגעלומפּערטער פּערזאָן! איצט איז ער בלייך געוואָרן, זיין שטימונג האָט זיך פּלוצלינג געענדערט. ער איז געוואָרן שטיל, פאַראומעטעט. און די פאַרגליווערטע ליידן זיינען געלעגן טויט אויף זיין פּנים.

מיר האָבן זיך אַלע געפילט שלעכט, און אַז ער האָט זיך געזעגנט, האָט סאָניע אים געבעטן קומען, אומבאַדינגט קומען מאָרגן צו איר, און האָט געשמייכלט צו אים און קאָקעטירט מיט אירע אויגן, גלייך ווי אַלץ וואָלט געווען אין בעסטער אָרדענונג.

---

## III

„אַ גאָט האָט פאַרלאָזט דעם אָלימפּ און געקומען מיך וועקן:
‚שטיי אויף דו איינגעשלאָפענער מענש, דו פאַרשעמטער, דו
אַנטרונענער פון לעבן — ערוואַך!‘
‚וואו איז דיין יוגנט?‘ — פאַרגעסן.
‚וואו איז דיין גליק?‘ — פאַרפלויגן.
‚וואו איז דיין האָפענונג?‘ — געשטאָרבן.
שטיי אויף, שטיי אויף! אַ וויסטער חלום האָט זיך דיר גע־
חלומט.

„פון אַ וויט לאַנד בין איך געקומען, פאַראומעטעטער מענש!
פון אַ לאַנד, וואו דער קוואַל פון לעבן האָט גערוישט און גע־
שפּריצט אין די אַלטע פאַרגאַנגענע דורות; פון לאַנד פון דער
אייביגער שיינקייט בין איך געקומען — דיך צו וועקן: שטיי אויף!“

„אַ נייער טאָג ווערט געבוירן אויף מזרח־זייט; אַ נייע ליכטיג־
קייט ליגט אויסגעגאָסן אויף טאָלן און בערג, אויף וועלדער
און פעלדער, און מיט גין־גאָלדענע ראַנדן באַצירט, ציהען וואָלקנס
איבערן הימל אָנצוזאָגן אַ גוטע בשורה דער וועלט און דיר, —
דער וויסטער חלום איז פאַרשוואונדן — ערוואַך!“

„די מאָרגן־לופט איז פול מיט פרישע ריחות, לינדע ווינטן
בלאָזן און וועקן יעדעס גרעזל און בלימל: ‚שטייט אויף! ערוואַכט!‘.
לויטערע שטימען פון ריינע גלאָקן ציטערן אין דער לופט; און
העלער, העלער ווערט די נייע ליכטיגקייט, און די זון צעגייסט איר
פּורפּורנעם שלייער און גייט אַרויס פריש און יונג און ניי־געבאָרן.
ערוואַך, פאַרשלאָפענער מענש, וועק דיינע בייזע און גוטע גע־
פילן, וועק דיינע האָפענונגען — די צייט איז געקומען. שטיי אויף!“

„— וואָס וועקט זיך אין מיר? — דיין פאַרשלאָפענע יוגנט.
— וואָס רוישט מיין בלוט? — עס באַגערט גליק און ליבע.

— וואָס בלענדט מיר די אויגן? — דיין אויפרעררוואַכטע האָפענונג.

— שטיי אויף!"

„אַראָפּגעריסן איז דער שוואַרצער שלייער פון דיינע אויגן און פאַריאָגט געוואָרן איז דער שאָטן פון טויט, לעבן און לוסט גיס איך אין דיינע גלידער, איך — דער גאָט פון ליבע!

— שטיי אויף!".

דאָס דאָזיגע געדיכט, געשריבן אין דייטשע העקזאַמעטרען, האָט געהייסן „די אויפערשטעהונג". שוואַרצוואַלד האָט עס מיר געבראַכט און דערלאַנגט מיט אַ פאַרשעמטער מינע.

— נאַט, לעזט דורך, אויב ס'איז אייך נישט לאַנגווייליג — האָט ער געזאָגט.

איך האָב עס דורכגעלעזן און האָב געקוקט אויף אים אומבאַשטימט.

— נו, וואָס קוקט איר מיך אָן? דאָס געדיכט געפעלט אייך?

— יאָ, געוויס, קלאַסיש, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פילאָזאָף. נאָר האָט נישט פאַראיבל, איר זענט, דוכט זיך, פאַרליבט? נישט וואָר?

ער האָט זיך אַביסל פאַרשעמט און געזאָגט שמייכלדיג:

— און אַז יאָ, איז וואָס?

— איז גאָרנישט.

ער איז זיך איבערגעגאַנגען עטליכע מאָל איבערן צימער. ס'איז קענטיג געווען, אַז ער וויל עפּעס ריידן מיט מיר. ער איז געווען אין זיין לוסטיגער שטימונג, די אויגן זיינע האָבן געפינקעלט. און פלוצלינג האָט ער זיך צו מיר געווענדט:

— איר ווייסט דאָך געוויס אין וועמען?

— געוויס; אויף יעדן פאַל איז זי דאָס ווערט.

— איר זענט אַן אויפריכטיגער מענש? איר זאָגט קיין ליגן נישט?

— דוכט זיך.

— אויב אַזוי, וויל איך, איר זאָלט מיר זאָגן די וואַרהייט, איר זענט אייפערזיכטיג? איך וויל דאָס וויסן.

— וואָס רעדט איר, שוואַרצוואַלד? עס פאַלט מיר נישט איין. איך פאַרזיכער אייך; איך בין נישט אייפערזיכטיג. מיינע באַציהונגען צו סאָניען זיינען זעהר נישט ערנסטע, מיר זיינען צוויי פרייע פויגלען, איינמאָל. און צווייטנס, ווי זאָל איך אייך זאָגן...

איך האָב שיער נישט אויסגעזאָגט מיין געדאַנק, אַז אויף וואָס נישט, נאָר אויף דעם געוואונטן אינסטינקט פון סאָניען קאָן איך מיך פאַרלאָזן. נאָר איך האָב מיך געכאַפּט און ניט גענדיגט די פראַזע, ער האָט דאָס ניט באַמערקט. ער האָט געוואָלט אויסגיסן פאַר מיר זיין האַרץ:

— איר זענט אַ וואוילער מענש. איך האָב אייך וואַרהאַפטיג ליב. און ווייסט איר: איך בין פאַרליבט, פאַרליבט אָט ביז אָהער (ער האָט אָנגעוויזן אויפן האַלז). איך האָב קיינמאָל אַזאַ געפיל נישט געהאַט. איך קאָן וועגן גאָרנישט טראַכטן, קאָן וועגן גאָרנישט ריידן, ווי נאָר וועגן איר. איך בין נישט פייהיג צו לעבן אָהן דעם געדאַנק, מיין בלוט וועט זיך אָהן אים אָפּזאָגן צו שלאָגן אין די אָדערן... איר וועט זאָגן, אַז איך בין אַ נאַר, אַז איך בין דול, נאָר איר פאַרשטייט נישט, איר קאָנט דאָס נישט פאַרשטיין. איר ווייסט נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַפּאַטיע, די טויטע עקסיסטענץ, אָהן אינטערעס, אָהן פרייד, אָהן אַנטציקן, אָהן האָפענונג, אָהן גליק, איך נאַר מיך? גוט! איך וויל נישט מער, ווי זיין גענאַרט. איך וויל האָבן מיין אילוזיע. איך קאָן מער נישט אויסהאַלטן מיין אַפּאַטיע, אַזוי קאָן מען לאַנג נישט לעבן...

ער האָט זיך באַלד געזעגנט מיט מיר און איז געגאַנגען אַהיים. זיין פּנים איז געווען אויפגערעגט, אין די אויגן האָט געפינקעלט אַ קריינקליך פייער און אינגאַנצן האָט ער אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ האַלב־פאַרריקטן.

— נו, דיר דאַרף מען ווינשן גליק צו דיין נייעם ערפאָלג — האָב איך געזאָגט סאָניען נאָך דעמזועלבן טאָג — שוואַרצוואַלד איז אין דיר פאַרליבט אויף טויט. נאַ, לעז.

איך האָב איר איבערגעגעבן דאָס געדיכט, וואָס איך האָב געהאַט גענומען באַ שוואַרצוואַלדן. זי האָט עס געלעזן און געזאָגט, אַז ס'געפעלט איר נישט.

— און אַזוי האָסט דו אַ נײַ האַרץ באַוועלטיגט. זײַ שטאָלץ — האָב איך געזאָגט מיט פאָרוואורף.
— און דו ביסט אפשר אײַפערזיכטיג? איך בין, רוכט זיך, נאָך פרײַ.
— ווי שעמסט דו דיך ניט צו ריידן אַזוינע רייד? איך — אײַפער־זיכטיג! און אויף וועמען?
זי האָט זיך צעלאַכט און געפרעגט:
— ער איז אין אמתן אין מיר פאַרליבט? דו מיינסט?
— פאַרליבט אויף טויט.
זי האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר אויף אירע ליפּן האָט געשפּילט אַ שמייכל — איר שמייכל.

---

## IV

אין מיטן בעסטן ווינטער איז סאָניען אײַנגעפאַלן צו מאַכן אַ שפּאַציר אויף די בערג, און זי האָט מיטגענומען מיט זיך מיך מיט שוואַרצוואַלדן, מיר האָבן זיך אָנגעטאָן, ווי טוריסטן, וואַרעם און לײַכט; סאָניע — אין ווײַסן! אין אַ טריקאָטענער יאַקע, וואָס האָט איר פרישן קערפּער צוגעגעבן נאָר אַ באַזונדערן רייץ, און אין אַ ווײַס פוטערן היטל, וואָס איז געלעגן קאָקעט אויף איר קאָפּ; מ י ר האָבן זיך געקליידעט אין קורצע וואַרעמע טוזשורקעס, אין ברייטע, גענעלטע שיך, אין לאַנגע זאָקן, וואָס האָבן דערגרייכט ביז איבער די קני, און אין טיראָלער היטן מיט אַ פעדער באַ דער זײַט. די וואוילערישע קליידונג האָט, דעם אמת זאָגנדיג, ניט זעהר האַרמאָנירט מיט שוואַרצוואַלדס פיגור, נאָר ער האָט זיך געפרייט מיט איר ווי אַ קינד. ווי איך האָב שוין באַמערקט, האָט ער זיך אין דער לעצטער צײַט געענדערט, געוואָרן צײַטנווײַז לוסטיג־אויפגערעגט. דערפאַר איז ער טײלמאָל אַרײַנגעפאַלן אין אַזאַ שווערן אומעט, אַז ער האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ פאַרריקטן מעלאַנכאָליקער.

נאָך האַלבער נאַכט זיינען מיר אַרויסגעפאָרן פון מינכן און אָנגעקומען קיין קופשטיין פאַרטאָג. קופשטיין איז אַ קליינע שטאָט אויף צפון־טיראָל ,האַרט בײַ דער בייערישער גרעניץ, אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטן מיט בערג; פון איין זייט — מיטן בייערישן הויכלאַנד, פון דער צווייטער — מיט אַ גאַנצער קייט בערג, וואָס טראָגן צוזאַמען דעם נאָמען „קייזער־בערג“, און וועלכע שטייען, ווי פּאָסטן פאַר די ריזיגע אַלפּן, מיר האָבן אָפּגערוהט אין אַ רעסטאָראַן אַ שעה־צוויי, ביז ס'איז טאָג געוואָרן, אָנגעטאָן די זעקלאַך אויף די פּלייצעס, גענומען די לאַנגע שטעקנס אין די הענט און זיינען אַרויס פון שטוב.

די שטאָט איז געלעגן איינגעהילט אין אַ טיפן נעפּל. מיר האָבן אַפילו נישט דערזעהן די הייזער פון דער קעגנאיבערדיגער זייט אין מאַרק, דאָס איז נישט געווען קיין געוויינליכער נעפּל, נאָר אַ ריקע כמאַרע, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין טאָל אַריין פון די בערג און האָט שווער געלויערט איבער אַלץ און איבער אונז. מענשן האָבן געוואַנדלט אין מיטן דער כמאַרע, ווי שאָטנס, און האָבן אויסגעזעהן צו מאַכן מאָרנע באַוועגונגען. צייטנווייז האָבן זיי זיך פאַרלאָרן און צוריק באַוויזן, אַרויסשווימענדיג פון דעם גראָהען ים, פון דער ערשט אויפגעגאַנגענער זון איז קיין שפור נישט געווען צו דערקענען. און טראָץ דעם נעפּל, איז געווען גענוג קאַלט, פראָסטיג און גליטשיג, און מיר זיינען געווען נישט אויסגעשלאָפן, מיר האָבן זיך דעריבער געהאַלטן צוזאַמען, ווי אַן איבערגעשראָקענע סטאַדע, צו קאָנען זיך העלפן איינער מיט דעם צווייטנס אַקסלען, אויב מיר וועלן זיך אויסגליטשן. מיר זיינען געגאַנגען שטיל, נישט גערעדט צווישן זיך, און אין האַרצן האָבן מיר באַדויערט, וואָס מיר האָבן געפאָלגט דעם משוגענעם איינפאַל פון סאָניען צו לאָזן זיך אין מיטן ווינטער אין די בערג. סאָניע אַליין, די שטענדיג־פרייליכע, שטענדיג־ענערגישע, איז אויך געגאַנגען שטום, ווי אַ זינדיגע, און זי האָט זיך אין אמתן געמוזט פילן זינדיג; באַזונדערס, קעגן מיר. וואָלטן מיר כאָטש געווען אַליין; זי אָבער האָט ניט אַנדערש געוואָלט, נאָר שוואַרצוואַלד זאָל מיטגיין.

טראָץ דעם נעפּל, זיינען מיר געגאַנגען ביז צום באַרג און האָבן אָנגעהויבן אַרויפצוגיין, מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אַ היפּשע צייט, פּאַמעליך שלעפּנדיג די פיס, פאַרשלאָפן און פאַרטראַכט.
אַז מיר האָבן זיך אויפגעהויבן אויף 2500 — 2000 מעטער הויך, האָבן מיר באַמערקט, אַז דער נעפּל איז פאַרשוואונדן. די לופט איז געווען קלאָר און דורכזיכטיג, כאָטש אַרום זיך האָבן מיר נאָך נישט געקאָנט זעהן. מיר האָבן זיך געפונען צווישן בוימער, פון ביידע זייטן וועג איז געלעגן דער פאַרפרוירענער שניי, און דער וועג אַליין האָט זיך טיף איינגעשניטן אין מיטן, און מיר האָבן אים געזעהן פאַר זיך נאָר איניגע מעטער, ווייל באַלד האָט ער זיך געבויגן און גענומען אין אַ זייט און געפירט אונז מיט זיגזאַגן, ווי אַלע בערג־וועגן.

— נו, ווי פילט איר אייך, גנעדיגעס פרייליין? — האָב איך געפרעגט סאָניען מיט נישט ווייניג גאַל.

— זעהר גוט, גנעדיגער הער — האָט זי געענטפערט קאַלט.

— שוואַרצוואַלד! וואו זענט איר? — האָט זי זיך געווענדט צו מיין באַקאַנטן, וואָס איז אַלץ געבליבן הינטערשטעליג הינטער אונז.

— די מינוט! — האָט ער געשריען פון דער ווייטן און האָט גענומען לויפן צו דעריאָגן אונז.

נישט פאַראַן עפּעס ערגערס באָם גיין אין בערג, ווי לויפן און ענדערן דעם טעמפּ פון גאַנג, אַזוי אַרום ווערט מען זעהר גיך מיד. איך האָב אים דאָס באַמערקט, נאָר ער האָט גע־ענטפערט מיט בריהשאַפט:

— עס מאַכט נישט אויס! איך וועל נישט מיד ווערן.

און מיר האָט זיך אין דער מינוט געדוכט, אַז ער איז אין אמתן געוואָרן יונגער און פרישער, אַז זיין שטים קלינגט זיכער און קרעפטיג... „דער גאָט פון אָלימפּ האָט געוועקט און דער־וועקט", האָב איך געטראַכט...

גייענדיג אַזוי, האָבן מיר אָנגעהויבן צו באַמערקן ליכט־פלעקן אין די שאָטנס פון די בוימער, וואָס האָבן זיך אויסגעריסעוועט אויפן שניי. מיר האָבן אויפגעהויבן די אויגן און דורך דעם געפלעכט פון צווייגן האָבן מיר דערזעהן שטיקער בלויען הימל.

אונז אַלע איז מיט אַמאָל געוואָרן פרייליכער. מיר האָבן לאַנג שוין נישט געפילט קיין קעלט אין קערפּער, זייענדיג דערוואַרעמט פון אונזער אייגענער באַוועגונג, און מיר האָבן זיך גענומען גיין מיט מער קוראַזש. אונזער וועג האָט זיך געדרייט און געדרייט, ווי אַ שלאַנג; דערזעלבער צעטראָטענער שניי פון אונטן, דער־זעלבער פאַרפרוירענער שניי פון די זייטן און אַזוי אָהן אויפהער. די ליכט־פלעקן און די שטיקער בלויער הימל זיינען צייטנווייז אינגאַנצן פאַרשוואונדן. מיר זיינען שוין געהאַט געגאַנגען מער, ווי אַ שעה־צייט, און דער וועג ביז צום שפּיץ באַרג איז געווען אויסגערעכנט אויף 4—5 שעה, אויב מען זאָל אין מיטן נישט אָפּרוהען אין אַ רעסטאָראַן! אויב יאָ — נאָך מער. אַ לאַנג־ווייליגע פּערספּעקטיוו.

נאָר אָט האָט אונזער וועג זיך שוין אַרויסגעדרייט פון וואַלד; און פּלוצלינג האָבן מיר זיך געפילט באַגאָסן מיט אַ העלער און וואַרעמער ליכטיגקייט; אַ גלאַנצנדיגע, קריסטאַל־לויטערע ווייס־קייט האָט אָנגעשלאָגן אויף אונזערע אויגן פון אַלע זייטן. נאָר אומגעריכטערהייט זיינען מיר אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין אַ נייער, ווייסער, ליכטיגער וועלט אַריין. מיר האָבן אויפגעהויבן די אויגן: דער הימל איז געווען קלאָר, אָהן איין וואָלקנדל, און האָט גע־בלישטשעט און געבלענדט, ווי אַ געשליפן גלאָז, אַרום איז געווען אַ וועלט פון שניי. ער האָט געפינקעלט אַרום אונז, פון אונטן, פון אויבן, פון אָפּגרונטן, פון די טיפע פליינער, פון די שפּיץ בערג, וואָס האָבן אונז אַרומגערינגעלט — פון אַלע זייטן. דאָס אויג האָט זיך געבאָדן אין דער העלער ליכטיגקייט, ווי אין אַ קוואַל פון נחת, און האָט זיך געקוויקט ביז צו ווייטאָג, ביז צו טרערן; מיר זיינען געבליבן שטיין איבערראַשט און אַנטציקט.

אונזער וועג האָט איצט געפירט אויפן סאַמע ראַנד פון באַרג, און די גאַנצע אומגעגנט אַרום אויף עטליכע מייל האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונזערע אויגן. צו־פוסן פון באַרג איז געלעגן דער „אין־טאָל“, באַגרעניצט פון דער צווייטער זייט מיט הויכע בערג; איבער דעם טאָל האָט זיך געשלענגלט דער טייך אין, וואָס האָט אויסגעזעהן אויפן פאָן פון ווייסן שניי, ווי אַ שמאָלער, גראָהער פּאַס. אין ווינקל פון טאָל האָבן מיר דערזעהן די הייזער

פון קופשטיין, צוזאַמענגעוואָרפן אין איין קופּע און קליינע, ווי קאָרטן־שטיבלאַך. איבער זיי האָט זיך נאָך געטראָגן אַ דינע פּאַרע, וואָס האָט מיט אַ פליגל באַריהרט דעם קעגנאיבערדיגן באַרג, דאָס איז געווען דער נעפּל, וואָס האָט געלויערט אויף דער שטאָט, ווען מיר האָבן זי פאַרלאָזט.

און אַרום זיינען געשטאַנען די בערג פון פאַרשיידענער הייך, פון פאַרשיידענע געשטאַלטן, זיי האָבן זיך צונעפּרעסט איינער צום אַנדערן אָדער געקראָכן איינער דעם אַנדערן אויף דעם קאַרק. טייל האָבן אויסגעזעהן מוראָדיג מיט זייערע שאַרפע איבער־געריסענע ליניען; טייל זיינען געווען אויסגעגאָסן אין ווייכע, פיינע געשטאַלטן, ווי אַ שיינער פרויען בוזים. און אַלץ דאָס האָט געבלאַנקט און געפינקעלט, באַדעקט מיט שניי און באַגאָסן מיט ליכט. אין דער זייט האָבן מיר געזעהן אַ קליינע גרופּע בערג, מיט דריי ווילדע, הויכע שפּיצן, וואָס האָבן זיך גלייך געצויגן צום הימל. זיי האָבן אַראָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שניי, אַרויסגעוויזן זייער נאַקיטן, גראָהען, פעלזיגן קערפּער און האָבן אויסגעזעהן ווי פאַרשאָלטענע ריזן, בייזע און שלעכטע, גרייט אַלץ אומצו־ברייינגען, נאָר זיי זיינען צוגעשמידט צום אָרט מיט נאָך אַ שטאַרקערער מאַכט... מיר האָבן דערקענט דעם „ווילדן קייזער“. פיל שרעקליכע לעגענדעס, זעהר פּאָפּולערע אין טיראָל, זיינען פאַרקניפּט מיט דעם נאָמען.

— אָ, ווי שיין — האָבן מיר אַלע אויסגערופן כמעט מיט איינמאָל.

שוואַרצוואַלד האָט זיך שיער צעוויינט פון אַנטציקן, די אויגן זיינען אים געוואָרן פייכט, און דאָס מאָגערע קרייענקליכע פּנים האָט געשיינט פאַר נחת, ווי דאָס פּנים פון אַ הייליגן.

— ניין, מיינע ליבע! — האָט ער אויסגערופן — עס לוינט צו לעבן און צו ליידן הונדערט יאָר, אום אָט דאָס צו זעהן איין קורצע ווייל. — זעהט, וואָס פאַר אַן אָפּגרונט דאָ איז: אָט אַזוי זיך אַראָפּוואַרפן און שטאַרבן דאָ אויפן אָרט און באַדעקט ווערן מיטן ווייסן שניי, ווי אַלץ אַרום!...

מיר האָבן געקוקט אַראָפּ, וואו ער האָט אָנגעוויזן, און מיר האָבן דערזעהן אַ טיפן אָפּגרונט, פון וועלכן אונז האָט אָפּגעטיילט

דער געפּרווירענער שניי בײַ דער זייט, אונטן אין דער טיפעניש האָט עפּעס געראוישט און גערירט זיך, דאָס איז געווען אַ בערג־שטראָם, וואָס מיר האָבן ניט געקאָנט דערזעהן. מיר האָבן נאָר באַמערקט אַ לייכטע פּאַרע, וואָס האָט זיך פּאַמעליך געשלעפּט פון די שפּאַלטן און היילן.

די זון איז געשטאַנען איבער אונזערע קעפּ. ס'איז געווען קענן צוועלף. דער וועג האָט זיך אויף דעם אָרט כּמעט נישט אויפגעהויבן, נאָר געגאַנגען גלייך, צופירנדיג צו אַ צווייטער אויפ־הויבונג. מיר זיינען געגאַנגען געלאַסן, קלאַפּנדיג מיט די לאַנגע שטעקנס אָן שניי, און האָבן ווייניג גערעדט צווישן זיך.

סאָניע האָט אויך געשוויגן. איך האָב נאָר לויט אירע אויגן דערקענט, וואָס פאַר אַן איינדרוק די אויסזיכט האָט געמאַכט אויף איר. דער הייטערער, ענערגישער אויסדרוק פון איר פּנים איז איצט פאַרשוואונדן, און איך האָב אין אירע אויגן, אפשר צום ערשטן מאָל, באַמערקט אַ טיפע, פאַרבאַהאַלטענע בייגק־שאַפט, אַ ווייכע מעלאַנכאָליע. זי האָט זיך פּלוצלינג געווענדט צו שוואַרצוואַלדן און האָט אים דערלאַנגט איר אָרעם. זיי זיינען געגאַנגען צוזאַמען, איך — נאָך זיי, נאָך אַ האַלבער שעה גיין זיינען מיר אָנגעקומען אין דעם רעסטאָראַן, וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן וועג. מיר האָבן אויסגעטרונקען צו גלעזער הייסן גליה־וויין, געלעגט צוטריקענען אונזערע דורכגעפּרווירענע זאָקן, און מיר האָבן אויסגערוהט און פאַרבראַכט מיט די געסט, וואָס זיינען אַלע ווילע אָנגעקומען פון אויבן און פון אונטן. די שיינע, העלרישע טיראָלער האָבן אונז באַגריסט, ווי גוטע פריינט, און האָבן גערעדט מיט אונז אויף זייער דייטשן דיאַלעקט, וועלכן מיר האָבן נאָר מיט מיה פאַרשטאַנען. דערביי האָט יעדער פון זיי געהאַלטן קענטיג פאַר אַ חוב צוזעצן זיך אַ ווילע צו סאָניען און זאָגן איר, אַז זי איז שיין.

— אַ קרעפטיג מאַר'ל — האָט מיר איינער אַריינגערוימט אין אויער, ווינקענדיג מיט די אויגן און צושאָקלענדיג מיט זיין פּאַט־ריאַרכאַלער, בלאָנדער באָרד.

סאָניע האָט דאָס אויסגעהערט זעהר גוטמוטיג און האָט געשמייכלט, נאָר געשמייכלט.

# V

— נו, מאַרש ווייטער! — האָט סאָניע אויסגערופן, אויפ־הויבנדיג זיך פון אָרט, מיר זיינען אויך אויפגעשטאַנען און געמאַכט זיך גרייט אין ווייטערן וועג אַריין.

אַ העלע, פרייליכע זון איז ווידער געשטאַנען איבער אונזערע קעפּ, און די בלאַנקענדיגע ווייסקייט האָט אָפּגעוואָרפן אַ שכרות אויף דער נשמה, מיר האָבן נישט געפילט קיין מידקייט, כאָטש מיר זיינען שוין געווען עטליכע שעה אין וועג. די פיס האָבן זיך ווי אַליין באַוועגט, מיר האָבן איינגעאָטעמט די פרישע, לייכטע, קריסטאָל־ריינע בערג־לופט, און יעדעס אויפעטעמען און אָפּ־עטעמען האָט פאַרשאַפט אַן אומבאַקאַנט פאַרגעניגן. ווידער האָבן זיך באַוויזן די דריי שפּיצן פון „ווילדן קייזער”, אָפּגרונטן, טאָלן און פליינער, באַצוינגן אינגאַנצן מיט דעם אומגעריירטן שניי. דער פעלזיגער קאַרק פון „ווילדן קייזער” האָט געגרויכערט, און אַ קליינ־קליין וואָלקנדל האָט זיך געצויגן פּאַמעליך און האָט אויסגעזעהן, ווי אַן אומבאַהאָלפן באַשעפעניש, וואָס קלעטערט צו אומגע־לומפערט צו אַ פאַרבאַהאַלטענער נעסט ערגעץ אין די שפּאַלטן פון באַרג. וואָס העכער מיר זיינען אַרויפגעקומען, אַלץ נייע שפּיצן האָבן זיך געוויזן, נייע געגנטן, נייע טאָלן און פליינער, און העט־העט ווייט האָבן געשימערט אין דער קלאָרער לופט די אַלפּן, ליגנדיג אָנגעלענט אויפן הימל; טיילמאָל זיינען זייערע סילועטן שאַרף אַרויסגעטרעטן פאַרן אויג, טיילמאָל האָבן זיי אויסגעזעהן, ווי אַ מעננגע וואָלקנס, באַגאָסן מיט ליכט, און עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי רוקן זיך פּאַמעליך, דער „אין־טאָל”, דער טייך, די שטאָט און איר אומגעגנט זיינען אינגאַנצן פאַר־שוואונדן; מיר האָבן זיך געפילט אָפּגעריסן פון יענער וואָכעדיגער, גראָהער וועלט, וואָס מיר האָבן פאַרלאָזט, דריי מענשן אַליין צווישן בערג און פעלזן און וואָלקנס און שניי. די אומגעוויינליכע מונטערקייט, וואָס איז געוואַקסן אין אונז, האָט זיך געזוכט אַ וועג אַרויס, און מיר האָבן אָנגעהויבן צו זינגען, צו לויפן, צו שרייען. און דאָס ווידער־קול האָט אונז אָפּגעענטפערט פון אַלע זייטן.

נאָך מער פאַר אונז אַלע איז פאַרשכורט געוואָרן שוואַרצוואַלד. זיין לוסטינקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין ווילדע פאָרמען. ער האָט געשריען מיט אַ גאָרגלדיגער שטים, אַרויסגערופן דאָס ווידער־קול, האָט געזונגען און איז געלאָפן אָהן אויפהער, זיין פּנים איז געווען גערויטלט, און זיינע אויגן האָבן געבליצט, ווי אַ משוגע־נעמס. מיט סאָניען האָט ער זיך געהאַלטן פריי, ווי אַ ברודער, גענומען זי פאַר דער האַנט, פאַרריכט איר דאָס היטל אויפן קאָפּ און נישט אָפּגעטרעטן פון איר אויף אַ מינוט. סאָניע האָט געשטיפט מיט אים און נאָר פון צייט צו צייט האָט זי מיר צו־געוואָרפן אַ בליק, גלייך ווי זי וואָלט זאָגן: אָט זעה, וואָס ס׳הייסט ליב האָבן. אַזוי וויל איך, מ׳זאָל מיך ליבן, אַזוי...

אויפן וועג האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן פוס־גייער, טייל האָבן צוריקגעקערט פון אויבן, טייל, קומענדיג פון אונטן, האָבן אונז איבערגעיאָגט. נאָר אַזוי ווי דער וועג האָט זיך אַלע ווילע פאַרדרייט אין אַ זייט, זיינען מיר באַלד ווידער געבליבן אַליין. פּלוצלינג האָבן מיר דערהערט אַ מאָרנע רופן, וואָס האָט זיך גערוכט צו קומען פון אַ זייט: „האָפּ־האָפּ! האָפּ־האָפּ!“ דאָס ווידער־קול האָט אָפּגעענטפערט פון אַלע זייטן, און איידער נאָך מיר האָבן זיך אָריענטירט, וואָס דאָס איז אַזוינס, איז אויף אונז אָנגעפאָרן, אַראָפּגליטשנדיג זיך מיט אימפּעט פון שיפן וועג, אַ קליין שליטנדל, אויף וועלכן ס׳איז געזעסן אַ מענש, רויט און דערשוויצט פון דער שנעלער באַוועגונג... ער האָט קוים געהאַט צייט צו פאַרקערעווען דאָס שליטנדל אין אַ זייט מיט דעם שנירל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. דאָס שליטנדל האָט זיך אָנגעשלאָגן אין דעם מויער שניי, דער מענש איז אומ־געפאַלן, האָט זיך עטליכע מאָל איבערגעקייקלט אויפן וועג. דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען ווי קיינמאָל גאָרנישט, און האָט זיך געווענדט צו אונז האַלב מיט פּרעטענזיע, האַלב מיט שמייכל:

— מען דאַרף זיך שטעלן אין אַ זייט. איך האָב דאָך געשריען „האָפּ־האָפּ!“, צי האָט איר נישט געהערט?

מיר האָבן זיך אַנטשולדיגט און געפרעגט אים, צי ער האָט זיך גאָרנישט געטאָן. ער האָט אונז דערקלערט, אַז דאָס פאַלן

איז לגמרי נישט קיין געפערליכע זאַך. העכסטנס קאָן מען זיך קייקלען ביז צו דעם אָרט, וואו דער וועג פאַרבויגט זיך, און מען שטייט אויף אומבאַשעריגט. דאָס איז אַ באַזונדער אַרט אַלפּן־ספּאָרט, וואָס מען רופט „ראָדלען". מיר האָבן וועגן דעם געהערט, נאָר געזעהן עס צום ערשטן מאָל, און מיר האָבן זיך נישט ווייניג דערשראָקן, זעהענדיג, ווי דאָס שליטנדל קערט זיך אום אין מיטן אַזאַ גרויסן אימפּעט. דער מענש האָט זיך באַלד צוריקגעזעצט אויפן שליטנדל, וואָס האָט זיך גענומען אַראָפּ־גליטשן און איז באַלד פאַרשוואונדן. באַלד אָבער זיינען אָנגעקומען נייע, און מיר האָבן זיך געשטעלט אין אַ זייט זיי דורכצולאָזן. זיי זיינען דורכגעלאָפן, ווי אַ בליץ, און עס האָט געשווינדלט פאַר די אויגן. אויף אַ טייל פון זיי זיינען געזעסן צו פּאָר פאָלק. אַ געזונט רויט טיראָלער מיידל, אין נאַציאָנאַלער טראַכט, האָט פעסט אַרומגענומען מיט אירע הענט אַ מאַנספּערשוין, וואָס איז געזעסן פאָרענט און האָט געפירט דאָס שליטנדל, דאָס מיידל האָט פאַרוואָרפן דעם קערפּער צוריק, כּדי צו האַלטן דאָס גלייכגעוויכט, און מיט די פיס האָט זי זיך פון צייט צו צייט איינ־געגראָבן אין שניי, כּדי קלענער צו מאַכן די אינערציע. מיר האָבן נאָך נישט געהאַט גענוג צייט, כּדי צו אַנטציקן זיך מיט דער לוסטיגער, מיט גליק שפּראָצנדיגער ערשיינונג, ווי זי איז באַלד פאַרשוואונדן פון אונזערע אויגן, און פון דער הייך האָבן זיך ווירער געלאָזט הערן רופן: „האָפּ־האָפּ! האָפּ־האָפּ!".

— מיר וועלן אַראָפּראָדלען? — האָט זיך סאָניע פּלוצלינג געווענדט צו מיר.

— דו האָסט נישט מורא? — האָב איך געפרעגט.

— וואָס פאַלט דיר איין?

— און אויב דו וועסט פאַלן?

— וועל איך מיך אויפהויבן.

איך האָב זי געלויבט פאַר איר מוטיגקייט, און זי איז זעהר צופרידן געווען פון קאָמפּלימענט, זי האָט מיר צוגעוואָרפן אַ ליבליכן בליק, האָט מיר פעסט געדריקט די האַנט און האָט געזאָגט:

— איך מוז מיך צוריקקערן צו מיין קאַוואַליער. דער „שוואַרצער שאָטן" וועט בײַנקען נאָך מיר. ער איז היינט אַזוי אינטערעסאַנט: דו ביסט אייפערזיכטיג?

— ניין.

— מיר וועלן אַראָפּראָדלען צוזאַמען אויף איין שליטנדל?

— אויב דו ווילסט.

— גוט. — זי האָט מיר נאָך אַמאָל געדריקט די האַנט און איז צוריקגעגאַנגען צו שוואַרצוואַלדן.

אונז האָט דערװאַרט אַ פוסגייער, אַ הויכער, ברייט געוואַקסענער טיראָלער, מיט דעם פּאַטריאַרכאַלן געזיכט און בלאָנדער באָרד — דערזעלבער, וואָס האָט מיר איינגערוימט אין אויער: „אַ קרעפּטיג מאַד'ל". צוליב אונז איז ער געגאַנגען פּאַמעליכער, און מיר האָבן מיט אים גערעדט פון די בערג, פון די לאַווינעס, פון דעם בערג־לעבן. ער איז געווען שטאָלץ מיט זיין לאַנד און מיט איר שיינער נאַטור. ער האָט אונז פאַרציילט, אַז אין דעם רעסטאָראַן אויבן פייערט עפּעס אַ פאַראיין זיין פעסט, ער אַליין געהערט צו דעם פאַראיין; אַז שלאָפן אויבן וועט געוויס נישט זיין וואו, און מיר וועלן געוויס מוזן אַראָפּראָדלען צום אונטערשטן רעסטאָראַן. ער האָט אונז דערקלערט, אַז ס'איז אַבסאָלוט קיין שום געפאַר נישט. פאַרבלאָנדזשען איז אוממעגליך. דער וועג האַלט אונז שטענדיג איינגעשפּאַרט צווישן צוויי מויערן. נאָר אויף איין אָרט, וואו דער שניי איז נידעריג און דער וועג גייט האַרט נעבן אָפּגרונט, דאַרף אַן אומגעניטער מענש זיין פאָרזיכטיג. ער האָט אונז געראָטן דורכצוגיין דאָס אָרט צופוס, ווייל פאַר עטליכע יאָר האָט דאָ פּאַסירט אַן אומגליק.

גאַנץ גיך זיינען מיר אָנגעקומען צו דעם אָרט. דער טיראָלער האָט אַוועקגעשאַרט דעם שניי פון וואַנט, און מיר האָבן געזעהן פאַר זיך אַ שטיין, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט דער נאָמען פון דעם אומגליקליכן, וואָס איז דאָ אַראָפּגעפאַלן, און דער טאָג, ווען דאָס איז געשען.

מיר האָבן אַראָפּגעקוקט אַרונטער, און אונז האָט געשווינדלט פאַר די אויגן פון גרויסער טיפעניש. עפּעס אַן אינסטינקטיווער פּחד איז אָנגעפאַלן אויף דער נשמה, קוקנדיג אין דעם אָפּגרונט

אַריין, אַפילו די ווייסקייט פון שניי האָט קוים אָפּגעשלאָגן פון דאָרט. געהענטער צו אונז האָבן פון אַלע זייטן אַרויסגעשטאַרט פעלזן. דאָס איז געווען די „טייפלס־היילע“, וואָס איז געווען באַצייכנט אויף אונזער קאַרטע, אַ ווײסטער שרעקליכער אָפּגרונט, וואָס איז כּמעט אומצוגענגליך. ס'איז פאַראַן אַהין עפּעס אַ וועג פון יענער זייט באַרג — האָט אונז דער טיראָלער דערקלערט — אָט דער וועג איז איצט פאַרווייט. זומער קומט מען אַהין צו, און אין מיטן העלן טאָג איז דאָרט פינסטערליך.

— און ווי טיף איז דאָ? — האָט איינער פון אונז געפרעגט.

דער טיראָלער, אָנשטאָט צו ענטפערן, האָט אָנגענומען אַ פולע האַנט שניי, אים צוזאַמענגעפּרעסט און אַראָפּגעוואָרפן. ער האָט צוגעבויגן דעם אויער און ס'זיינען דורך עטליכע סעקונדעס ביז דער קלאַפּ האָט זיך דערהערט.

— איבער צוויי הונדערט מעטער — האָט ער געענטפערט.

אונז האָט אָנגעהויבן אַביסל קאַלט צו ווערן, עס האָט גע־נומען בלאָזן אַ פראָסטיגער, שניידיגער ווינט, דער הימל איז געוואָרן מאַט, אין דער לופט איז געלעגן אַ טונקלקייט. עס האָט אויסגעזעהן, ווי אין מיטן בעסטן לייכטן איז די זון געוואָרן איבערראָשן און פאַרציטערט. פון דער וויטן האָבן זיך פון צייט צו צייט געהערט משונהדיגע קלעפּ, ווי מען וואָלט האַקן בוימער אין וואַלד. טיילמאָל האָט זיך אונז געדוכט, אַז אַ געוויטער קומט אָן, און די דונערן קייקלען זיך דאָרט, אונטערן באַרג. באַלד האָט זיך דער הימל איינגאַנצן פאַרצויגן, און דער ווינט האָט געבלאָזן אין פּנים אַריין מיט שטיקער געפרוירענעם שניי. דאָס איז געגאַנגען אַ שניי־לאַווינע איבערן „ווילדן קייזער“, און דער ווינט האָט אַהער פאַרטראָגן אַ מאַסע שניי, וואָס האָט באַדעקט דעם הימל.

— דאָס געדויערט נישט לאַנג — האָט אונז דער טיראָלער געטרייסט: דאָ גייט קיין לאַווינע נישט. — און דערביי האָט ער אונז געלערנט, וואָס צו טון, אַז אַ לאַווינע טרעפט.

— מען דאַרף אָט אַזוי טון.

ער האָט אויפגעהויבן די הענט און גענומען מיט די פיס ציהען זיך אין דער הייך.

— שחימען, אָט אַזוי — האָט ער געוויזן — אַרויסשווימען פון שניי. — ער האָט אונז געגעבן די עצה און אַליין האָט ער אונז פאַרלאָזט. מיר האָבן אים בּאַלד פאַרלוירן פון אויג. מיר זיינען געוואָרן אומרוהיג און געוואַרט אויף אַ לאַווינע שניי, וואָס וועט קומען אונז בּאַגראָבן לעבּעדיגערהייט אונטער זיך. ווי שרעקליך דאָס מוז זיין, דערשטיקט צו ווערן בּיסלעכוויז אונטער דער ווייסער מאַסע! דאָס איז אַ לאַנגער שרעקליכער טויט. עס טרעפט, אַז פאַרפאַלענע טוריסטן מוטשען זיך אַזוי מיטן טויט גאַנצע פיר און צוואַנציג שעה. און פאַרוואָס האָט ער אונז פאַרלאָזט? — האָבן מיר געטראַכט — געווים געוואָלט זיך אַליין ראַטעווען, זעהענדיג, אַז מיר קאָנען נישט נאָכאיילן נאָך אים! „שווימען, אָט אַזוי"... — האָבן מיר געחזרט אין געדאַנק. און דער שניי, וואָס האָט אונז ערשט נישט לאַנג אַזוי אַנטציקט מיט זיין קלאָרקייט, וואָס האָט געקוויקט דאָס אויג און געגאָסן שטראָמען לוסטיגקייט אין דער נשמה — דערזועלבּער שניי איז אונז איצט פאָרגעקומען, ווי אַ שרעקליכע, גראָהע, כאַאָטישע מאַסע, בּאַשאַפן נאָר צום פאַרדערבן.

אונזער שרעק האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. די שניי־מאַסע האָט זיך דורכגעטראָגן. עס זיינען נישט אַריבּער קיין גאַנצע צען מינוטן, און מיר האָבן ווידער געהאַט איבּער זיך אַ קלאָרן הימל, אַ בּלאַנקענדיגן, ווי אַ געשליפענע גלאָז, און די זון האָט געשאָטן מיט וואַרעמע שטראַלן; דער שניי האָט גע־בּליצט און געבּלענדט, און אונזער לוסטיגקייט האָט זיך צוריק־געקערט צו אונז מיט נאָך אַ טאָפּעלטער קראַפט. גאַנץ גיך האָט די לוסטיגקייט דערגרייכט אַ גראַד פון עכטן שיכּרות. מיר האָבן זיך אין מיטן וועג אַנידערגעזעצט אויפן שניי און גענומען זינגען עפּעס אַ ליד מיט אַ שאַלנדיגער שטים. אָפּגעריסן פון דער אונטערשטער וועלט, האָבן מיר זיך געפילט בּאַפרייט פון אירע קייטן. שוואַרצוואַלד איז געוואָרן מיט אונז אויף „דו", און מיר בּיידע האָבן זיך דערלויבּט מיט סאָניען זעהר פיל. מיר האָבן זי געקושט, געפירט זי פון בּיידע זייטן אונטער די אָרעמס, ווי די סאַטירן די געפאַנגענע פייע אין רובּענסעס אַ בּילד. זי האָט זיך געריסן פון אונזערע הענט און אונז מיט־

געשלעפּט פּאַראויס און פּלוצלינג האָט זי זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן שנײַ און האָט זיך צעלאַכט, אַז ס'האָט געהילכט אַרום.

דער פּעלזיגער קאַרק פון „ווילדן קײזער" האָט אַלץ געררויכערט, דער וואָלקן איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריגער. ער האָט זיך גענומען לייגן אויף די שפּיצן בערג, וואָס מיר האָבן שוין געהאַט אונטער זיך, אַז מיר זײַנען אָנגעקומען צו אונזער ציל, צו אַ רעסטאָראַן, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ הייך פון צוויי טויזנט פינף הונדערט מעטער, איז שוין אַ געדיכטער וואָלקן געלעגן אונז צופוסן און האָט באַדעקט אונטער זיך אַלע שפּיצן, אָפּגרונטן און פּליינער. נאָר העכער פון אונז האָבן געבלישטשעט אין זייערע ווײַסע מאַנטלען די בערג, באַגאָסן מיט דעם ליבליכן שײַן פון דער אָוונט־זון.

---

# VI

מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגערוהט, אָפּגעגעסן, און אַ זיסע מידקייט איז געווען אויסגעגאָסן אין אַלע אונזערע גלידער, די מידקייט איז דאָ געווען אַנדערש, ווי אַלץ אַרום. זי האָט נישט גענויטיקט צו שלאָפן, נאָר וואַך צו זײַן, צו הערן און צו זעהן און צו רירן זיך. נאָר מיט שוואַרצוואַלדן איז געשען אַן איבער־קערעניש. ער איז אַרײַנגעפאַלן אין זײַן שווערן אומעט, געזעסן בײַם טיש, אָנגעשפּאַרט אויף אַ האַנט, און האָט געגלאָצט מיט זײַנע פינסטערע אויגן, נישט צו ריידן קיין וואָרט. מיר האָבן אים געלאָזט זיצן און זײַנען אַרויס פון רעסטאָראַן צו זעהן, ווי די זון גייט דאָ אונטער אין דער וועלט.

דער וואָלקן, וואָס איז געלעגן אונטער אונז, האָט זיך גענומען רויטלען. ערטערווײַז, דאָרט, וואו די זון האָט זיך צוגעלאָזט, זײַנען געלעגן פּורפּורנע פּאַסן; באַלד איז דער פּורפּור געוואָרן פײַערדיג־רויט, און עס האָט זיך געדוכט, אַז די געדיכטע מאַסע האָט זיך אָנגעצונדן און פּלאַקערט. נעהענטער צו אונז איז

דער וואָלקן געווען טונקל און איבערגעצויגן מיט אַ לייכטער וויאָלעט־פאַרב. די טעמפּעראַטור איז ראַש געפאַלן. אַלע ענדער־רונגען זיינען דאָ פאָרגעקומען מיט אַן אומגעוויינליכער שנעלקייט. אויף דעם וואָלקן האָט זיך אָנגעהויבן אַ שפּיל פון פאַרבן, וואָס האָבן זיך געביטן פון מינוט צו מינוט, טונקעלער און העלער געוואָרן. עס האָט אויסגעזעהן, ווי לייכטע שאָטנס פון ראָזע, רויט, פּורפּור און וויאָלעט, זאָלן ציהען אַהין און צוריק, בייטן די ערטער און אַוועקשטויסן איינער דעם צווייטן. די זון איז אָנגעקומען נעהענטער און האָט זיך גענומען טונקען אין דעם וואָלקן, גלייך ווי זי וואָלט זיך וועלן אויסבאָדן אין דעם ים פון די פאַרבן. אַרום האָבן אַרויסגעשטאַרט די בערג און האָבן שטיל און ערנסט זיך צוגעקוקט, ווי צו אַ הייליגער צערעמאָניע. זייערע שפּיצן זיינען נאָך געווען העל באַלויכטן, און עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי באַוואונדערן אָט דעם וואָלקן, וואָס איז אויסגעהאָרעוועט אין זייערע שפּאַלטן און האָט זיך געלאָזט אין דער וועלט אַריין, און האָט זיך פאַרשפּרייט און צעלעגט, און שלינגט איצט איין די זון.

באַלד איז פאַרשוואונדן געוואָרן די לעצטע רייף פון דער זון, און די שפּיצן פון די בערג האָבן אַלץ נאָך געפינקעלט און געלויכטן. דער וואָלקן אונטן איז מיט אַמאָל טונקל געוואָרן, און נאָר אויף דעם אָרט, וואו די זון איז אונטערגעגאַנגען האָט אַלץ געברענט אַ פייער, גלייך ווי אונטער אים וואָלטן געליהען פייערדיגע קוילן.

מיר זיינען געשטאַנען אין צווייען: איך און סאָניע. זי איז געווען אָנגעלעגנט אויף מיין אַקסל, און מיר האָבן געשוויגן. עס איז געוואָרן טרויעריג־טונקל, פּראָסטיג, די פאַרבן זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן, און דער וואָלקן האָט גענומען ווערן גראָהליך־שוואַרץ. נאָר אויף די שפּיצן פון די בערג זיינען נאָך אַלץ געלעגן ראָזע שאָטנס. גלייך הינטער אונזערע אַקסלען איז געלעגן דער קיילעכדיגער שפּיץ פון אונזער באַרג. מיר האָבן זיך אומגעקוקט און ניט געגלויבט די איינענע אויגן. ער איז געווען איינגאַנצן איינגעהילט אין אַ פאַרבינגן מאַנטל, וואָס זיין קאָליר איז ניט מעגליך צו באַצייכענען מיט ווערטער. דאָס איז געווען אַן אַרט ראָזע, געמישט מיט וויאָלעט ,צאַרט און ווייך, ווי

די פאַרבן, וואָס מיר זעהען נאָר אין חלום. און ווייטער, ווייטער, וואו נאָר דאָס אויג האָט דערגרייכט, האָבן געגליהט אין דער דעמערונג די שפּיצן פון די אַלפּן, און עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי זינגען אַ שטילע מעלאָדיע אַלע אין איין כאָר און אַז אין דער טונקעלער לופט ציטערט דאָס געזאַנג און ווערט פאַרלאָרן...

סאָניע האָט זיך צוגעטוליעט צו מיר, איך האָב דערפילט, איר בוזים פּרעסט זיך צו צו מיין קערפּער, זי האָט אַרומגעוויקלט איר האַנט אַרום מיין האַלז און האָט מיך געקושט. נעבן אונז זיינען געשטאַנען מענשן: נישט זיי איז איינגעפאַלן צו שמייכלען, נישט אונז צו שעמען זיך. אונזער פּאָזע איז געווען אַזוי איינפאַך און פאַרשטענדליך, ווי די גאַנצע שיינע וועלט אַרום. פּלוצלינג האָבן מיר דערזעהן שוואַרצוואַלדן, ער איז געשטאַנען און געגלאָצט אויף אונז, און זיין אָדלער־נאָז האָט מאָדנע אַרויסגעשטאַרט. ער האָט געציטערט פון קעלט... אַך, ווי שרעקליך זיין פּנים איז געווען! אַזוי זעהען אויס נאָר מענשן, ווען מיר זעהען זיי צום לעצטן מאָל, איידער דער טויט בענשט זיי מיט זיין רוהיגקייט. איך האָב געלאָזט סאָניען און צוגעגאַנגען צו אים.

— אייך איז קאַלט? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט געשוויגן.

— מיר וועלן זיך באַלד דערוואַרעמען. דאָ איז נישטאָ וואו צו שלאָפן.

— יאָ — האָט ער אונטערגעברומט אומבאַשטימט.

מיר האָבן גענומען צוויי שליטנדלאַך: איינס פאַר שוואַרצוואַלדן, דאָס צווייטע פאַר מיר מיט סאָניען צוזאַמען. זי איז געווען לוסטיג, האָט מיר געקלאַפּט אויפן אַקסל און געלאַכט און געשטיפט. מיט שוואַרצוואַלדן האָט זי זיך געוויצלט, רופנדיג אים אַלע ווילע „שוואַרצער שאָטן“.

— שוואַרצער שאָטן, איר האָט נישט קיין מורא?

— איך ווייס נישט.

— איר זענט געוואָרן אַ לאַנגווייליגער נאַר.

ער האָט נישט געענטפערט, נאָר זי האָט אים נישט געלאָזט צורוה. איר איז געווען לוסטיג אויפן האַרצן, זי איז געווען פול מיט איינדריקן, און דאָ איז נאָך פאָרגעשטאַנען אַזאַ רייזע

אין מיטן דער נאַכט אויף אַ שליטנדל, וואָס פליהט שנעל באַרג־אַראָפּ, און צוזאַמען מיט מיר, ווי די טיראָלער מיידלאַך מיט זייערע אויסדערוויילטע. איר האָט זיך געוואָלט ריידן און רייצן שוואַרצוואַלדן.

— אייך איז קאַלט, שוואַרצוואַלד? — האָט זי אים געפרעגט.

— אַביסל.

— און וואָס וועט איר טון, אַז איר וועט פאַלן?

ער האָט ווידער געשוויגן.

זי איז שוין געזעסן אויפן שליטנדל הינטער מיר, איך האָב מיך אומגעקערט און געלעגט די האַנט אויפן מויל. „שווייג! גענוג!" — האָב איך איר איינגערוימט. זי האָט זיך הויך צעלאַכט.

— מיר הויבן אָן, — האָב איך געקאָמאַנדעוועט — שוואַרצוואַלד, איר האַלט אייך נישט צו נאָהענט צו אונז, אַז מיר וועלן פאַלן, ברעמזט און האַלט איין דאָס שליטנדל, אויב איר ווילט נישט פאַלן אויף אונז אַרויף. נו, איינס, צוויי, דריי — מאַרש!

סאָניע האָט מיך פעסט אַרומגענומען מיט די הענט, און דאָס שליטנדל האָט זיך אָנגעהויבן פּאַמעליך צו גליטשן.

— גיט אַכטונג! — האָב איך נאָכגעשריען שוואַרצוואַלדן — אַז דער וועג גייט רעכטס, ברעמזן מיטן רעכטן פוס, לינקס — מיטן לינקען.

— און אויב איר וועט פאַלן, פאַרגעסט אייך נישט אויפצוהויבן! — האָט סאָניע צוגעשריען.

ס'איז שוין געווען אינגאַנצן פינסטער. דער הימל איז געווען טונקל און אויסגעזעצט מיט בלאַנקע שטערן. די בערג זיינען געווען איינגעהילט אין גראָהע מאַנטלען, און עס האָט זיך גע־דוכט, אַז זיי דרעמלען אין זיי. נאָר די שטערן אויבן האָבן געפינקעלט לוסטיג און פרייליך און זיינען געלאָפן נאָך אונז אויף אונזער וועג. מיר האָבן זיך באַוועגט אין אָנהויב פּאַמעליך און פאָרזיכטיג, ברעמזנדיג מיט די פיס אָהן אויפהער. ביסלעכ־ווייז האָבן מיר זיך צוגעוויינט. מיר האָבן געלאָזט פריי אויף אַ מינוט דאָס שליטנדל, און עס האָט גענומען לויפן מיט אימפּעט. אונז איז מיט אַמאָל וואַרעם געוואָרן. און פּלוצלינג, באַ דער

ערשטער בויגונג פון וועג — בוך! אונזער שליטנדל האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דער וואַנט שנײ, האָט אונז אַראָפּגעוואָרפן, און אַליין ווייטער געלאָפן, פאַרהאַלטנדיג זיך ערשט באַ דער צווייטער בויגונג. מיר האָבן זיך עטליכע מאָל אויסגעקייקלט אין שנײ, איך אויף סאָניען, סאָניע אויף מיר, און איידער נאָך מיר האָבן צייט געהאַט צו לאַכן און איבערצייגן זיך, אַז מיר זיינען גאַנץ — בוך אויף דאָס נײ! שוואַרצוואַלד איז אָנגעפאָרן אויף אונז מיט זיין שליטנדל, אַליין זיך אומגעקערט, און מיר אַלע דריי האָבן זיך צוזאַמענגעקוליעט אין שנײ איינער איבערן אַנדערן. סאָניע האָט זיך אויפגעהויבן די ערשטע און האָט זיך צעלאַכט הויך און געזונט.

מיר האָבן זיך באַלד צוריקגעזעצט אין די שליטנדלאַך, ווידער אַמאָל געפאַלן, נאָר גאַנץ גיך האָבן מיר זיך אויסגעלערנט ריכטיג צו ברעמזן, און אונזער רייזע איז געגאַנגען פרייליך און גליקליך. אונז איז אויסגעקומען נאָר אַלע ווילע צו וואַרטן אויף שוואַרצ־וואַלדן, וואָס איז אָפּגעשטאַנען.

— האָפּ־האָפּ! — האָבן מיר געשריען פון דער ווייטן — שוואַרצוואַלד, וואו זענט איר?

— דאָ! — האָט אונז אָפּגעענטפערט אַ שטים פון דער זייטן, מיר האָבן אים אַלץ נישט געזעהן פאַר די אויגן.

איך און סאָניע האָבן מיר זיך געטוישט מיט די ערטער. איר האָט זיך געוואָלט זיין דער פירער, איך האָב זי אַרומגענומען פאַר דער טאַליע, און גאַנץ גיך האָט זי געלאָזט דאָס שליטנדל לויפן מיט אַן אומגעהויערן אימפעט. דער וועג האָט זיך אַלע ווילע געבויגן, און מיר, אויף גאָרנישט אַכטנדיג, זיינען דורכ־געפלויגן איין בויגונג נאָך דער צווייטער. שוואַרצוואַלדן האָבן מיר שוין לאַנג ניט געהערט הינטער זיך, פּלוצלינג האָב איך מיך דערמאָנט אָן דער „טײפלס־הײלע“ און האָב פאַרהאַלטן מיט די פיס דאָס שליטנדל.

— דאָ מוז מען גיין צופוס — האָב איך געזאָגט.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די „טײפלס־הײלע“ זיינען מיר שוין דורכגעפלויגן אין אימפעט. מיר האָבן גאָר קיין באַגריף נישט געהאַט פון דער שנעלקייט, וואָס מיר האָבן דער־

גרייכט. נאָך פערציג מינוט — און מיר קומען גליקליך אָן אין אונטערשטן רעסטאָראַן. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט אויף שוואַרצוואַלדן.

— האָפּ־האָפּ! האָפּ־האָפּ! — האָבן מיר געשריען — שוואַרצוואַלד! שוואַרצוואַלד!

קיין ענטפער איז נישט געווען. נאָר אַ ווידער־קול האָט זיך אָפּגערופן פון אַלע זייטן, און די שטערן האָבן געוואונקען פון אויבן.

— שוואַרצוואַלד! וואו זענט איר? — האָב איך גענומען שרייען נאָך העכער, און מיין שטים האָט געציטערט. איך האָב פאַר־אויס געפילט אַן אומגליק. אַן אינערליכע שרעק האָט גענאָגט דאָס האַרץ.

מיר זיינען צוריקגעגאַנגען אים זוכן.

לאַנג האָט דאָס געדויערט, און די שרעק איז געוואַקסן מיט יעדן טריט אין אונזערע הערצער. מיר האָבן מורא געהאַט צו ריידן, צו צוגיין נעהענטער איינער צום אַנדערן. מיר האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט צו רופן „שוואַרצוואַלד". דאָס וואָרט אַליין האָט באַקומען אַ שרעקליכע באַדייטונג און האָט געמאַכט ציטערן יעדערן נערוו, און מיר זיינען געגאַנגען באַזונדער, יעדערער מיט זיין שרעק, און שווייגנדיג געזוכט, צום סוף האָבן מיר געפונען זיין שליטנדל שטיין אויפן מיטן וועג. שוואַרצוואַלד איז אין ערגעץ נישט געווען.

מיר האָבן ווידער גענומען רופן, שרייען, זוכן — אומזיסט!

— וואָס קאָן דאָס זיין? — האָט מיך סאָניע געפרעגט, און איר ציטערדיגע שטים האָט געקלונגען בייז און אויפגערעגט...

— איך האָב מורא, ער איז אַראָפּגעפאַלן — האָב איך געזאָגט.

— אַראָפּגעפאַלן?! — זי האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און האָט אָנגעהויבן שרייען מיט אַ ווילד קול:

— רעטונג! רעטונג! רעטונג!

איך האָב אויך גענומען שרייען, און אַרום און אַרום האָט געהילכט פון אונזערע קולות. אַפילו די בערג, דוכט זיך, האָבן מיטגעציטערט מיט אונז פאַר שרעק.

איך האָב געפּרובט אָנצינדן איין שוועבעלע נאָך דעם אַנדערן; דער ווינט האָט זיי אויסגעלאָשן, און מיינע הענט האָבן דערצו געציטערט. דאָס איז געווען אַ משוגענע אידייע, וואָס מיר האָט זיך געוואָלט: אַראָפּצולייכטן אין אָפּגרונט אַריין פון צוויי הונדערט מעטער מיט אַ שוועבעלע. איך האָב מיך אַריבערגעבויגן און אַליין שיער ניט געפאַלן, און סאָניע האָט אַלץ געשריען און געשריען.

ס'זיינען אָנגעקומען מענטשן פון אויבן, זיי האָבן דערהערט אונזערע געשרייען און האָבן אַראָפּגעראָדלט מיט אַ לאָמטערן. אַלץ איז באַלד קלאָר געוואָרן. די מויער פון שניי איז אויף איין אָרט געווען איינגעקוועטשט. פון דעם אָרט איז ער אַראָפּגעפאַלן. העלפן איז געווען אוממעגליך. באַנאַכט קאָן מען דאָרט נישט צוקומען, און דאָס וואָלט אויך איבעריג געווען. אַראָפּפאַלנדיג פון אַזאַ הייך איז אוממעגליך געווען, ער זאָל נישט בלייבן טויט אויף דער שטעל...

---

# VII

אָט אַזוי איז אונזער חבר אומגעקומען אין די בערג!

מיר זיינען אַראָפּגעקומען אונטן, אין רעסטאָראַן אַריין, גע־פרוירן, טויט־מיד און צעבראָכן. מיר האָבן אַלץ נישט געקאָנט פאַרלאָזן דאָס אָרט, וואו דאָס אומגליק איז געשען. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער טויטער, נאָר נאָך וואַרעמער קערפּער פון דעם אָרימען מענטשן ליגט אָט נעבן אונז, און מיר דאַרפן נאָר די הענט אויסשטרעקן, כּדי אים צו באַרירן. און אפשר? ווער ווייס? אפשר לעבט ער דאָרט און בעט הילף?! מיר האָבן זיך לאַנג געדרייט אויף דעם אָרט אַהין און צוריק. אונז האָט געדראָט די געפאַר צו פאַרפרירן דאָ. צום סוף האָט אונז דער אינסטינקט פון לעבן געפירט אַראָפּ, וואו מיר האָבן גענומען אַ נומער אין רעסטאָראַן איבערצונעכטיגן. סאָניע האָט זיך ניט אויסגעטאָן, זי איז נאָר געזעסן אויפן בעט אָנגעלענט מיטן קאָפּ אויף מיין

אַקסל. מיר האָט זיך געדוכט, אַז זי איז איינגעשלאָפן אַזוי. נאָר מיט איינמאָל האָט זי אָנגעהויבן צו שלוכצן און צו וויינען הויך און העפטיג, און גרויסע טרערן, ווי טראָפּן רעגן, זיינען געפאַלן פון אירע אויגן. זי האָט געוויינט לאַנג, און אין דעם וויינען אירן איז געווען אַזוי פיל געזונטקייט און פרישקייט, ווי אין איר לאַכן, ווי אין איר ריידן, ווי אין איר גאַנצן וועזן, אַזוי וויינען מענשן גליקליכע, ווען זיי דאַרפן אָפּוואַשן פון דער נשמה עפּעס אַן אומגליק. זי איז איינגעשלאָפן אויף מיין אַקסל, איך האָב זי געלעגט אויפן בעט, און אַליין בין איך אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן.

די נאַכט איז געווען פראָסטיג. אַרום איז געווען שטיל. די ווייסע וועלט איז געשלאָפן און האָט באַהאַלטן אין זיך אַ יונג, ערשט געפּטרט לעבן.

אַ ווילדער פאַרלאַנג האָט מיך געצויגן אַהין, צו דעם אָפּגרונט דאָרט, וואו ער האָט זיך געדוכט צו רופן און צו צוזאָגן גליק און רוה אין זיין טיפעניש. איך האָב געפילט, אַז גייענדיג אַהין, וועל איך מער נישט צוריקקומען, און בין געבליבן שטיין פאַרזונקען אין געדאַנקען. פון הימל אויבן האָבן געוואונקען די שטערן און האָבן דערציילט פון אייביגקייטן, וואָס פאַר זיי איז גלייך פרייד און ליידן, גליק און אומגליק, לעבן און טויט.

און אויפן וועג צוריק קיין מינכען האָבן מיר די גאַנצע צייט גערעדט פון אים. ס'איז אויסגעקומען אַזוי מאָדנע, וואָס מיר זיצן דאָ נאָר צוויי אָנשטאָט דריי, וואָס זיינען אַהער געקומען. ריידנדיג האָב איך אַרויסגעזאָגט סאָניען מיין מיינונג, אַז ער איז נישט אַראָפּגעפאַלן, ווי די צייטונגען האָבן באַשריבן דעם פאַל, נאָר אַז ער האָט זיך אַליין אַראָפּגעוואָרפן.

— און דו מיינסט, ער האָט מיך אין אמתן ליב געהאַט? — האָט זי געפרעגט, און אויף איר פּנים האָט זיך צעגאָסן דער צופרידענער, גליקליכער שמייכל אירער.

אַך, דער שמייכל!

# I

נישט לאַנג נאָך מיין אָנקומען אין וואַרשע האָבּ איך בּאַקומען אַ שטעל בּאַ אַ אירן אַ חסיר. געאַרבּעט האָבּ איך בּאַ מיין פּרינציפּאַל אין שטוב; איך האָבּ געשריבּן רעקלאַראַציעס, געפירט די חשבּונות און דערצו נאָך האָבּ איך געלערנט בּוכהאַלטעריע מיט מיין פּרינציפּאַלס זון, אַ חתן־בּחור מיט אַ גאָלדענעם זייגער און אַ גרויסער בּעל־גאוה. דער ראָזיגער בּחור האָט מיך אויסגעהערט שטיל, קוקנדיג אין אַ זייט, מיט אַ מינע פון אַ גענעראַל, וואָס נעמט אָן אַ ראַפּאָרט. און טאָמער האָבּ איך געזאָגט, אַז ער האָט זיך טועה געווען, האָט ער אויף מיר אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן מיט כּעס און איז זיך אַוועקגעגאַנגען אין מיטן דער לעקציע. ריידן גלאַט אַזוי פון געבּנזאַכן מיט אַ ליטוואַק, עפּעס אַ שרייבּערל, איז אים נישט אָנגעשטאַנען. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך פון מיין זייט האָבּ אים אויך נישט זעהר ליבּ געהאַט און האָבּ געקוקט אויף אים, ווי אויך אויף מיין פּרינציפּאַל, פון דער הייך, ווי אויף ווילדע, פאַנאַטישע מענשן. איך בּין ערשט ניט לאַנג אָנגעקומען פון ליטע מיט אַ קאָפּ פול השׂכּלה און אייראָפּייאישע געדאַנקען, און די וואַרשעווער חסידים מיט זייער גאַנג און לעבּן, מיט דער פאַרצויגענער אויסשפּראַך זייערע, דאָס ציהען די ווערטער עפּעס מיט אַ מין זינגעריי, האָבּן מיר אויסגעזעהן אַזוי ווילד און פרעמד, אַז איך האָבּ מיר גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלן מענשן נאָך ווילדערע פאַר זיי.

מיין פּרינציפּאַל, אַ פּאָדריאַטשיק בּאַ דער אייזנבּאַן, איז גאָר ווייניג געזעסן אין דערהיים. ער האָט שטענדיג געהאַלטן אין איין איילן זיך. קוים איז ער אַהיים געקומען אויף מיטאָג און

האָט אַװעקגעשטעלט דעם שטעקן אין דער זייט, האָט ער זיך שוין אָנגעהויבן צו בייזערן, פאַרוואָס דער מיטאָג איז נאָך נישט פאַרטיג, און דאָס געמורמל זיינס, כאָטש איך האָב עס אַלע טאָג כמעט געהערט, האָב איך נישט געקאָנט קלאָר פאַרשטיין. אָפּטיילן די ווערטער איינס פון אַנדערן איז אוממעגליך געווען. איך האָב נאָר געזעהן, ווי זיין לאַנגע שוואַרצע באָרד שאָקלט זיך, די וואָנצעס ציטערן, און פון דעם שוואַרץ־באַוואַקסענעם מויל שיט זיך אַרויס עפּעס אַ מאָרנע ברומען, פון וועלכן איך האָב נאָר דערהערט די ווערטער: מיטאָ — מיטאָ — קיינמאָל ניש... און דער מאָנאָלאָג האָט זיך געענדיגט מיט אַ לאַנג־אויסגעצויגענער פראַזע:

כ׳האָ־ניש־ק׳צאַאַאַט!

אין מיטן מיטאָג, צווישן איין געריכט און דעם צווייטן, האָט ער זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט פון אָרט, צוגעגאַנגען צו מיר, האָט אויסגעשאָקלט די קעשענעס און האָט אָנגעוואָרפן אויפן טיש שטיקלאַך פּאַפּיר, וואו ער האָט פאַרצייכנט דאָס געלט, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן די אַרבעטער, דערצו פאַרשיידענע קוויטלאַך, טיילמאָל וועקסלען א. ד. ג. און דאָס אַלץ איז געווען צעקנייטשט, צעקנוידערט, אַז איך האָב דערנאָך געהאַט אַ סך אַרבעט אויסצוגלייכן, איינאָרדענען און פאַרצייכענען אין די ביכער. וואָס מען ברויך צו טון, האָב איך מיך געמוזט מער אַליין משער זיין, ווי איך האָב פאַרשטאַנען פון זיינע ווערטער. ער האָט גערעדט אַזוי גיך און פאַרצויגן און האָט אַזוי צוגעוואָרפן מיט די הענט, אַז איך האָב מער געקוקט אויף אים ,ווי איך האָב אים געהערט.

— און יצחק׳ל, וואָע? האָט ער געפרעגט, שלינגענדיג די ווערטער: ר׳לערנט זיך יצחק׳ל? ר׳לערנט זיך, ר׳לערנט זיך?

נאָר ער האָט קיינמאָל נישט געוואַרט, וואָס איך וועל אים דערציילן, ווי גוט זיין חתן־בחור לערנט זיך, און איז צוריק געגאַנגען צום טיש עסן.

פאַרן אַרויסגיין האָט אים זיין ווייב, אַ הויך־געוואַקסענע און נאָך זעהר אַ שיינע פרוי אין די יאָרן, מיט ממזריש־לאַכעדיגע אויגן און אַ מאָרנעם שמייכל אויף די ליפּן, געוויינליך צוריק־גערופן, אים אָפּגעווישט מיט דער האַנט די לאָקשן אָדער שטיק־

לאַך ברויט, וואָס האָבן זיך געפונען אויף זיין באָרד, און האָט געבעטן געלט. ער האָט זיך געבייזערט און אָנגעמורמלט אַ מאָנאָלאָג, פון וועלכן מיינע אויערן האָבן נאָר אויפגעכאַפּט די ווערטער: „ווידער־ווידער, געלט־געלט" און דעם אויסגעצויגענעם סוף, וואָס האָט געקלונגען אַביסל בעטנדיק, מיט אַ גמרא־ניגון, ווי עפּעס אַ שווערע קשיא: „וואָס טויג דיר געלט?" זיין ווייב האָט אים אוראי יאָ פאַרשטאַנען, נאָר זי האָט זיך ווייניג דערפון געמאַכט, זי האָט אים צוגעקנעפּלט דאָס אונטערשטע קנעפּל פון וועסטל, געקוקט גלייך אים אין די אויגן אַריין. און איר לאַכעריגער ממורישער בליק האָט אויף אים געמווזט האָבן אַ ווירקונג.

— מן הסתם ברויך איך, אשר... האָט זי גערערט געלאַסן, און ער האָט געגעבן. און דערביי האָט זיין האָריג פּנים און זיינע קליינע אומרוהיגע אויגן אויסגעדריקט אַזאַ מין הנאָה און נחת, וואָס האָט גאָרנישט צוגעפּאַסט צו דעם אייליגן, גיכן באַשעפעניש. חוץ געלט און געשעפטן האָט מיין פּרינציפּאַל ליב געהאַט אויך זיין ווייב.

צי האָט זי אים ליב געהאַט, צי ניין — איז שווער צו זאָגן. עס איז מיר קיינמאָל נישט אויסגעקומען זי צו פרעגן וועגן דעם, כאָטש מיר האָבן אַ סך גערערט און געשמועסט וועגן פאַרשיידענע זאַכן. ווען קיינער איז ניט געווען אין שטוב, האָט זי זיך צוגעזעצט צו דעם טישל, בײַ וועלכן איך האָב געאַרבעט, און האָט אָנגעהויבן דעם שמועס. גערערט האָט זי פון אַלץ, און אַלץ מיט איין גלייכן טאָן. זי האָט זיך אינטערעסירט מיט מיר, פאַרוואָס איך האָב נישט חתונה, צי איך האָב ליב עפּעס אַ מיידל, אָדער איך קלער גאָר קיינמאָל נישט חתונה צו האָבן.

— עס זיינען דאָ מענשן אַזעלכע, וואָס האָבן קיינמאָל נישט חתונה? — האָט זי זיך אינטערעסירט און געוואָלט הערן מיין מיינונג; איך האָב געהערט, אַז עס זיינען דאָ אַלטע קאַוואַליערן; איך פאַרשטיי נישט... האָט זי געענדיגט מיט אַ שמייכל.

גערערט האָט זי אויף פּוילישער אַרט, זינגענדיג, נאָר דאָס זינגעריי און ציהען די ווערטער, וואָס קומט אַרויס בײַ מאַנספּאַר־שוינען אַזוי לעכערליך, פּאַסט זעהר צו דער שוואַכער ווייבערי־

שער נאַטור. אַ שטימע האָט זי געהאַט זעהר אַן אַנגענעמע. אין איר קול האָט זיך געהערט פּוילקייט, אומעט און באַגערן.

איך האָב געענטפערט, אַז חתונה האָבן איז נישט אַזוי גרינג, אַז פאַרבינדרן אויפן גאַנצן לעבן קאָן נאָר אַזאַ הויך, איידל און מעכטיג געפיל, ווי ליבע איז. איך האָב גערערט באַגייסטערט, ווי נאָר אַ יונגער מאַן אין מיינע יאָרן — איך בין רעמאָלט אַלט געוועזן צוויי און צוואַנציג יאָר — קאָן ריידן וועגן ליבע. זי האָט מיך אויסגעהערט מיט כונה, געקוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין, און מיר איז עפּעס שווער געוואָרן איבערצוטראָגן איר קאַלטן, לאַכעריגן בליק. אָט אַזוי הערט מען אויס אַ קינר, וואָס דערציילט אַלטע באַקאַנטע זאַכן, וואָס אַלע ווייסן, נאָר ווייל עס איז אַ קינר הערט מען אים אויס. איך האָב געטראַכט, צי איז איר, דער שיינער, שלאַנקער פרוי אין דעם פאַריק, ראָס געפיל פון ליבע נישט מער באַקאַנט, ווי מיר, וואָס איך האָב עס נאָר געלעזן אין ביכער, און אין לעבן קיינמאָל נישט געקענט.

איך האָב אָפּגעהאַקט און גענומען טון מיין אַרבעט. נאָר מאָרגן און איבערמאָרגן איז זי ווירער צוגעקומען און גענומען שמועסן. און ווי להכעיס, האָב איך באַמערקט, אַז זי רערט נאָר פון אַזעלכע זאַכן... און זי רערט נאָר נישט ווי אַ חסידיש ווייבל, נאָר קאַלטבלוטיג, מיט איראָניע, מיט יענער איראָניע פון זעהר שיינע נישט יונגע פרויען, וואָס זיינען זיכער אין זיך, אין זייער שיינקייט. איך האָב זיך איינמאָל נישט איינגעהאַלטן און האָב זי געפרעגט:

— פאַרוואָס טראָגן זי אַ פאַריק?

איך האָב מיך נישט טועה געווען. די פראַגע האָט זי אויפ־גערעגט און האָט איר צוגענומען די רוהיגקייט און פאָרשנרע קאַלטבלוטיגקייט, וואָס האָט מיך געערגערט. זי איז רויט געוואָרן ביז אונטער דעם פאַריק.

— גלויבן זי מיר — האָט זי גערערט ווייך און דערשראָקן: אַז ס׳איז נישט אַזאַ זאַך, אַז מען טראָגט אַ שייטל. וואָס איז דער מער? מען קאָן עפּעס נישט זיין קיין מענש אין אַ שייטל? זי מיינען, איך טו עס מיר צוליב? וואָס קאָן מען טון? מען האָט ראָך קינרער... אַ מאַן...

דאָס מאָל האָט זי איבערגעהאַקט דעם שמועס און האָט עטליכע טעג נישט גערעדט מיט מיר.

אין עטליכע טעג אַרום איז זי ווידער צוגעקומען. מיין פראַגע איז גאָר פאַרגעסן געוואָרן, און מיר האָבן טיילמאָל אַוועקגע־פלוידערט אַ לאַנגע ווײַלע וועגן פאַרשיידענע זאַכן. זי איז נישט געווען אַזוי פאַרווילדעט, ווי איך האָב געמיינט. זי האָט ליב געהאַט וועגן אַלץ צו ריידן, נאָר אינטערעסירט, דוכט זיך, האָט זי קיין שום זאַך נישט, און זי האָט אַלץ אויסגעהערט גלייכגילטיג.

איין מאָל צי צוויי מאָל אין דער וואָך פלעגט נאָכן מיטאָג אַריינקומען אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר דרייסיג, געקליידעט קורץ און מיט אַ געגאָלטער באָרד; ווי איך בין דערנאָך געוואָר געוואָרן, איז דאָס געווען אירס אַ שוועסטער־קינד, אַ רייכער, מיט וועלכן מיין פרינציפּאַל האָט געהאַט עפּעס געשעפטן. ער האָט יעדעס מאָל געפרעגט די זעלבע פראַגע: וואָס מאַכט מען עפּעס גוטס? אָשר איז נישט אין דערהיים? אַ שאָד! ער האָט נישט אויסגעטאָן דעם קאַפּעליוש און געזעצט זיך באַם טיש. מאַדאַם פערנבערג — אַזוי איז געווען מיין פרינציפּאַלס פאַמיליענאָמען — האָט זיך געזעצט אַנטקעגן אים. מען האָט גערעדט שטיל, געטרונקען טיי און געוואָרפן בליקן מיט חשד אויף מיר. דערנאָך האָט זיך מיין מאַדאַם אָנגעטאָן, און זיי זיינען צוזאַמען ערגעץ געגאַנגען.

אויסער דעם איז אין שטוב אַלץ געפירט געוואָרן שטריינג חסידיש. דער בחור איז כמעט שטענדיג געגאַנגען אַרומגע־גאַרטעלט מיט אַ גאַרטל און אין אַ יאַרמולקע אונטערן זיידענעם היטל. ווען אַ פרעמדער מאַנספּאַרשוין איז געווען אין שטוב, האָט זיך חנהלע אויף די אויגן נישט געוויזן. מיט פלייש זאַלצן און עפּענען אַ הון האָט מען זיך נישט פאַרלאָזט אויף דער קעכין. דער פרינציפּאַל איז אָפט געפאָרן צום רבין, און ווען דער חתן־בחור האָט זיך אַמאָל דערלויבט אָנצוטון אַ העמד מיט אַ גע־פּרעסטן קאָלנער, האָט ער געקריגן גוט אויסגעזידלט פון פאָטער. אַפילו די מוטער האָט אויף אים געשריען, אמת, מיט אַ האַלב מויל ,עפּעס נאָר אַזוי ווי יוצא צו זיין, נאָר מער דערלויבט האָט ‧יך דער חתן־בחור שוין נישט אַזאַ זאַך.

## II

חנהלע איז געווען נאָך אַ יונג מיידל פון אַ יאָר זיבעצען־אַכצען, זעהר אַ שיינע, געראָטן אין איר מוטער, נאָר דאָס פּנים אירס איז געווען אַ סך ווייכער און האָט געטראָגן אויף זיך דעם לייכטן פרישן קאָליר פון אַ שפּראָצנדיגער יוגנט. דער וואוקס אירער, דער פעסט געבויטער קערפּער ,די שוואַרצע, שאַרף אויס־געשניטענע ברעמען און די פולע, ליידנשאַפטליכע ליפּן האָבן דערמאָנט אָן דער מוטער, נאָר אין די אויגן אירע איז נישט געווען יענער שמייכל, וואָס האָט געפינקעלט אין איר מוטערס אויגן. איבעריגנס, האָב איך אַ לאַנגע צייט נישט געוואוסט, ווי אירע אויגן זעהען אויס. די גאַנצע דריי חדשים האָב איך מיט איר קיין וואָרט נישט גערעדט. אַז איך בין אַריינגעקומען אין שטוב, איז זי באַלד אַרויסגעגאַנגען אין דער אַנדער שטוב אַריין, און געזעהן האָב איך זי נאָר, ווען זי איז דורכגעגאַנגען. און על פּי רוב איז מיר אויסגעקומען צו זעהן איר פּראָפיל, און איידער נאָך איך האָב די אויגן אויפגעהויבן זי אָנצוקוקן, איז זי שוין פאַר־שוואונדן געוואָרן אין אַנדערן צימער. זי האָט מיך אינטערעסירט. געדוכט האָט זיך מיר, אַז איך האָב רחמנות אויף איר. אַ יונג מיידל — האָב איך געטראַכט, וואָס בליהט און שפּראָצט פול לעבן און שיינקייט, וואָס באַוועגט זיך אַזוי לייכט, אַזוי שיין און ליבליך ,וואָס וואָלט געקאָנט פאַרשפּרייטן אַרום זיך גליק, פריש־קייט און געזונטקייט אויף יעדן טריט און שריט, — אַזאַ יונג, בליהענדיג באַשעפעניש, וואָס געפינט זיך אַזוי ווייניג צווישן מענשן, זיצט פאַרשפּאַרט אַ גאַנצן טאָג, זעהט קיין מענשן נישט פאַר די אויגן, בליהט אָפּ און וועלקט אין דער פינסטער — פאַר וואָס? צו וואָס? וואָס טוט זי אַ גאַנצן טאָג? וואָס קלערט זיך און טראַכט זיך אין איר יונגען קאָפּ?... זי פון איר זייט האָט מיך אַפילו גאָרנישט באַמערקט, קיין בליק אויף מיר נישט געוואָרפן. מיט גלייכע מעסיגע טריט, נישט בייגנדיג דעם קאָפּ אָן אַ זייט, איז זי דורכגעגאַנגען, און איך האָב נאָר געזעהן, ווי דער שיינער קערפּער רוקט זיך אָפּ, ווערט פאַרשוואונדן — און מער גאָרנישט.

ראָס האָט מיך טיילמאָל פֿאַרדראָסן. צי ווייל איך בין אַ ליטוואַק, אַ שרייבערל, בין איך שוין נישט ווערט, מען זאָל אויף מיר אַפֿילו אַ בליק וואַרפֿן, באַמערקן, אַז איך געפֿין מיך אין שטוב? אָדער שעמט זי זיך אויף מיר צו קוקן? איר שטאָלצער גאַנג, די רוהיגע, מעסיגע טריט, דער זיכערער בליק פֿאַר זיך, האָבן נישט צו־געלאָזט דעם געדאַנק, אַז זי איז אַ פֿאַרשעמט תּמעוואַט מיידל, וואָס האָט מורא אַ בליק צו וואַרפֿן אין דער זייט, און זי איז געווען פֿאַר מיר אַ לעבעדיג רעטעניש.

יערן טאָג פֿלעג איך קומען צו דער אַרבעט מיט אַ האָפֿענונג, אַז היינט וועל איך עפּעס נייעס געוואָר ווערן, איך וועל מיך מיט איר באַקענען, און אַהיים גייען פֿלעג איך זעהר אומצופֿרידן. טראַגנדיג מיט זיך אין מוח דאָס רעטעניש, וואָס איז געבליבן רעטעניש, ווי נעכטן און אייערנעכטן.

איך געדיינק, אַז זיצנדיג בײַ מיין אַרבעט, פֿלעג איך וואַרטן אויף איר מיט אומגעדולד. געוואוסט האָב איך, אַז אין צווייטן צימער געפֿינט זי זיך, און איך האָב געטראַכט, צי די טיר עפֿנט זיך נישט. נאָר אָט אין מיטן שרייבן, אַז איך בין שוין מיר געוואָרן וואַרטן, עפֿנט זיך די טיר: זי איז דורכגעגאַנגען פֿאַמעליך, רוהיג און איז פֿאַרשוואונדן אין דער קיך. איך בין געבליבן זיצן אויף מיין אָרט עפּעס פֿאַרשעמט און אומצופֿרידן, ווי מען וואָלט מיך אויסגעזידלט, און איך זאָל נישט קאָנען ענטפֿערן... מיך האָט פֿאַרדראָסן און דאָך האָב איך געביינקט נאָך איר און האָב געוואַרט, ביז זי וועט דורכגיין. און יעדעס מינדסטע גערויש פֿון דער טיר האָט געמאַכט קלאַפּן מיין האַרץ. איך האָב אַפֿילו איר קול קיינמאָל נישט געהערט. ווי רעדט זי — הויך, שטיל ,פֿאַמעליך אָדער געשווינד? איך האָב מיך געמאַטערט מיר פֿאָרצושטעלן איר ריידן און שמייכלען, און צען מאָל אין טאָג האָב איך מיר איר קול אַנדערש פֿאָרגעשטעלט: דאָ האָט זיך מיר געדוכט, אַז זי רעדט שטרייננג, האַלב־בייז, ווי אַלע מענשן, וואָס זיינען גענויט זיך אַלע ווילע אָפּצוזאָגן פֿון לעבן און פֿאַרגעניגן, דאָ האָט מיר אויסגעוויזן, אַז איר קול איז פֿול ווייכקייט, גוטסקייט און דערשטיקטע געפֿילן, אָדער גאָר, אַז זי רעדט שמייכלענדיג, לעבעדיג און געשווינד, און איך האָב מיר פֿאָרגעשטעלט, ווי

אירע ליפּן, אירע שיינע, רויטע, פולע ליפּן באַוועגן זיך דערבײַ... נאָר דאָס גאַנצע טראַכטן האָט ווייניג געהאָלפן, און זי האָט מיך פון טאָג צו טאָג אַלץ מער אינטערעסירט, אַלץ מער צוגענומען מיינע געדאַנקען.

ערשט נאָך צוויי חדשים, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין דעם הויז, האָב איך זי געטראָפן לאַכן צום ערשטן מאָל. איך בין אַריינגעקומען אין שטוב, האָב איך זי געטראָפן מיט נאָך אַ מיידל, די לעצטע האָט איר געמוזט דערציילן עפּעס לעכערליכעס, און זי האָט געלאַכט הויך. באַם לאַכן האָט זי געהאַלטן די האַנט אָנגעלענט אויף איר חברטעס אַקסל, און אירע ווייסע ציין האָבן געבלישטשעט. זי האָט אָבער באַלד מיך באַמערקט, און אין דער זעלבער רגע האָט זי אויפגעהערט צו לאַכן; איר פּנים איז געוואָרן רוהיג, אָהן שום אויסדרוק, און זי איז באַלד אַריינ־געגאַנגען מיט דעם מיידל אין דער צווייטער שטוב. נאָך לאַנג נאָך איר אַוועקגיין האָט אין מיינע אויערן געקלונגען איר לאַכן, איך האָב שלעכט געאַרבעט, אַלע ווילע זיך טועה געווען אין די ציפערן.

אַ גאַנצן טאָג דערנאָך האָב איך מיך געמאַטערט צו דער־מאָנען דעם שמייכל מיט אַלע פּינקטליכקייטן, איך האָב מיך געפילט ווי אַ סליעראָוואַטעל, וואָס האָט אין דער האַנט עפּעס אַ זאַכליכן באַווייז און וויל דורכדעם דערגיין דעם אמת. דאָס לאַכן אירס, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז געווען אַ פרייליכער, לוסטיגער געלעכטער, נישט קיין נערוועז, און בחנם האָב איך אין דעם געלעכטער געוואָלט געפינען כאָטש איין געקלעמטע נאָטע פון דער דערשטיקטער יוגנט פון אַ חסידישער טאָכטער.

אָט אַזוי איז דורכגעגאַנגען אַ חודש און נאָך אַ חודש; איך פלעג שלעכט אַרבעטן; איך פלעג שטיין באַ דער וואַנט און געוואָלט אויפכאַפּן עפּעס אַ וואָרט, נאָר די וואַנט איז געווען צו דיק, אָדער חנהלע האָט עקסטרע שטיל גערעדט — געהערט האָב איך גאָרנישט. איך האָב געפילט, אַז די ראָזיגע חנהלע האָט באַ מיר צוגענומען אַלע מיינע געדאַנקען, אַז איך בין נישט אימשטאַנד צו טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש. איך גיי מיר קויפן

אַ נייעם הוט, אַ קראַוואַט, און טראַכט נאָר דערפֿון, צי אָט דער הוט און דער קראַוואַט וועלן איר געפֿעלן, צי וועט עס מיך מאַכן שענער, לייטישער... איך האָב אָפּגעשפּאָרט פֿון מיטאָג, פֿון אַנ־דערע נויטיגע זאַכן, און געקויפֿט דאָ אַ שפּילקע, דאָ אַ קראַוואַט, כאָטש איך האָב אין מיין לעבן נישט ליב געהאַט זיך צו פּראַנ־טעווען און אָנגעטאָן בין איך קיינמאָל נישט געגאַנגען פּראַנטיש. איך בין עפּעס ווי אַן אַנדערער מענטש געוואָרן. איך געדיינק, אַז איינמאָל, אין שטוב זיצנדיג, האָב איך באַמערקט, אַז דער קראַוואַט מיינער ליגט פֿאַררוקט אין אַ זייט. אַן אַנדערש מאָל וואָלט מיך דאָס אפשר גאָר ניט אַרן. איצט אָבער האָב איך מיך פּלוצלינג אַזוי דערשראָקן און בין אַזוי בייז געוואָרן אויף זיך, ווי איך וואָלט באַגאַנגען עפּעס אַ שרעקליכע זאַך. ס'טייטש? חנהלע האָט געקאָנט פּונקט דורכגיין און זעהן מיך אין אַזאַ צושטאַנד, מיט אַ פֿאַררוקטן קראַוואַט, און וואָלט לאַכן פֿון מיר! און אַז איך פֿלעג בלייבן אַליין פֿאַר זיך, שפּאַצירנדיג אין די גאַסן, פֿלעג איך מיך פֿאַרטראַכטן. מיינע געדאַנקען פֿלעגן מיך ווייט פֿאַרטראָגן, און מיר איז געוואָרן לייכט, גוט און פֿריש אויפֿן האַרצן. גאַנצע מאָנאָלאָגן האָבן זיך אויסגעסדרט אין מיין קאָפּ... גערעדט האָב איך מיט חנהלען, האָב זי אויפֿגעקלערט, וואָס הייסט אַ פֿריי, ריכטיג לעבן, אַז זי לעבט אין נאַרישקייט און איז פֿאַרבלענדט. איך האָב זי אין געדאַנק אָנגערופֿן מיט אַלע ליבליכע ווערטער און איך האָב געזעהן, ווי איר פּנים ענדערט זיך, אירע אויגן פֿינקלען, און זי הערט זיך איין און וואַרפֿט אויף מיר אַ פֿאַרשעמטן, נאָר אַ ברענענדיגן בליק.

„גוטע, פֿרומע נשמה“, האָב איך געמורמעלט פֿאַר זיך.

עס האָט אויך פּאַסירט, אַז אין מיטן בעסטן טראַכטן האָט זיך מיר דערמאָנט איר געלעכטער, וואָס איך האָב אַמאָל געהערט, און מיינע פֿאַנטאַזיעס זיינען פּלוצלינג איבערגעהאַקט געוואָרן. דער געלעכטער האָט איבערגעריסן מיינע געדאַנקען, ווי עפּעס אַ פֿאַלשער טאָן אין אַ שיינעם מאָטיוו, און איך בין געבליבן עפּעס אומרוהיג.

אין שטוב האָט זיך אַלץ געפֿירט ווי פֿריהער. די מוטער פֿלעגט אָפּט מאָל מיט מיר רייד, נאָר איך פֿלעג איר ענטפֿערן פֿויל

און נישט ווילנדיג. וואָס זי האָט גערעדט, האָט מיך נישט אינטערעסירט, און וואָס מיך האָט יאָ אינטערעסירט און וועגן וואָס זי האָט מיר געקאָנט אַזוי פיל דערציילן—וועגן דעם האָט זי גאָר געשוויגן. אָנהויבן ריידן מיט איר וועגן איר טאָכטער האָב איך מורא געהאַט. באַמערקט האָב איך, אַז צווישן איר און איר טאָכטער איז פאַראַן עפּעס, וואָס איך ווייס עס נישט. נאָך באַלד אין אָנהויב, אין ערשטן חודש פון מיין זיין אויף דער שטעל, ווען חנהלע פלעגט זיך עפּטער געפינען אין שטוב, וואו איך האָב געאַרבעט, האָב איך דאָס באַמערקט. איינמאָל, געדיינק איך, איז חנהלע געשטאַנען באַם קרערענץ, עפּעס געזוכט אָדער געמאַכט זיך זוכן. די מוטער איז אַריינגעקומען און האָט געוואָרפן צוערשט אויף מיר אַ בליק, דערנאָך אויף חנהלען, וואָס האָט זיך, ווי מיר האָט אויסגעזועהן, עקסטרע נישט אומגעקערט; זי איז צוגע־גאַנגען צום קרערענץ און האָט געפרעגט איר טאָכטער, וואָס זי זוכט. חנהלע האָט עפּעס געענטפערט און איז באַלד אַרויס־געגאַנגען, די מוטער — נאָך איר. און פון דעמאָלט אָן האָט זיך חנהלע פאַר מיר אַזוי געהיט.

נאָר אין דער לעצטער צייט האָט זי זיך ווידער עפּטער געוויזן און האָט מיר נישט זעלטן געשיינקט אַ בליק. אַזאַ בליק האָט מיר געגעבן מאַטעריאַל צו טראַכטן אויף אַ גאַנצן טאָג, האָט מיך געטרייסט און געגעבן האָפענונג — נאָר איך האָב מיר אַליין צעשטערט מיין צופרידנקייט. איך האָב מיך אַמאָל אַריינגעלאָזט מיט דעם בחור אין אַ געשפּרעך. ער איז געווען גאָר גוט אויפ־געלעגט, ווייל ער האָט ערשט געקראָגן אַריינגעשיקט פון זיין מחותן אַ נייע מתּנה — אַ זילבערנע ציגאַרן־טאַש. ער האָט זי געדרייט אין דער האַנט און געקוואָלן פאַר נחת. מיין בוכהאַלטעריע האָט ער נישט אין זינען געהאַט צו הערן, און האָט אַלץ געמאַכט נייע אַנטערעקונגען אין דער ציגאַרן־טאַש: אַז דאָס באַגילדעכץ איז גאָר אַן אַנדערש, אַז דער שלאָס איז גאָר אַן אומגעוויינליכער שלאָס א. ד. ג.

— און אַ כּלה האָט איר עפּעס אַ שיינע? — האָב איך געפרעגט.

די פראַגע איז געווען אַביסל צו אומגעריכט. ער האָט אויף

מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגן און האָט געענטפערט:

— אַוראַי! וואָס רעדן? איך האָב נישט קיין שיינע כּלה? ער האָט זיך אומגעקוקט אין שטוב, צי קיינער הערט אים נישט. ער האָט מיך באַשוואָרן, איך זאָל קיינעם נישט אויסזאָגן און האָט מיר דערציילט, ווי ער דרייט זיך עקסטרע שבּת עפּעס פאַר אַ הויז, וואו זיין כּלה גייט געוויינליך אַריין, און זעהט זי.

— און וואָס רעדט ער מיט איר?

— זי קען דאָך מיך נישט! האָט ער געענטפערט גלאַט — אַז זי גייט פאַרביי, נייג איך מיך — אָט אַזוי.

— און זי?

— הערסט דו! זי ווייסט דאָך נישט, ווער איך בּין! אוי, איז זי אַמאָל רויט געוואָרן!

און ער האָט אָנגעהויבּן צו לאַכן, נאָר אין מיטן האָט ער זיך דערשראָקן פאַר זיינע אייגענע ווערטער. מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז אינגאַנצן אַן אויסגעטראַכטע מעשה, אַז זיין כּלה וואָלט ער זיך נישט איינגעשטעלט צו זעהן, און דאָס רימט ער זיך נאָר אַזוי פאַר מיר, כּדי מיר צו ווייזן, וואָס פאַר אַ וואוילער יונג ער איז.

— איר וועט נישט אויסזאָגן? זעהט, איך בּעט אייך. איר וועט נישט אויסזאָגן! — האָט ער אויסגעשריען פעסט, און האָט זיך גענומען שפּילן מיט דער ציגאַרן־טאַש. איך האָב מיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט און האָב אים אָנגעהויבּן צו פרעגן וועגן זיין שוועסטער:

— איר האָט אַ וואוילע שוועסטער — האָב איך אים געוואָלט חנפענען — אַ שיין מיידל, זעלטן...

— חנהלע? אר־וואַ! אויך מיר אַ מענש! מיין כּלה איז אַ סך שענער...

ווי נאַריש דאָס איז נישט, מוז איך מודה זיין, אַז דאָס האָט מיך פאַרדראָסן, און איך האָב מיך קוים איינגעהאַלטן, איך זאָל אים נישט ענטפערן, אַז ער ווייסט נישט פון זיינע הענט און פיס צוזאָגן...

— וואָס טוט זי אַ גאַנצן טאָג? — האָב איך געפאָרשט.

— מיין כלה?

— ניין, אייער שוועסטער, חנהלע...

דער טאָן מיינער האָט געמוזט וועקן עפּעס אַ חשד, צי ער איז געווען באַליידיגט, וואָס איך רייד פון חנהלען, נישט פון זיין כלה, געענטפערט האָט ער אומגערן:

— וואָס זאָל זי טון? אויך מיין דאַגה! אַלץ מוזט איר וויסן?!

דעם געשפּרעך האָט דער חתן־בחור געמוזט דערציילן, ווייל אַרום מיר איז אַלץ אַנדערש געוואָרן, חנהלע האָט זיך אינגאַנצן נישט געוויזן, די מאַראַם האָט מיט מיר נישט גערעדט און האָט געקוקט אויף מיר עפּעס קרום. פון מיין פּרינציפּאַל האָב איך געהאַט אַן אָנצוהערעניש, אַז איך זאָל מיר שאַפן אַ שטעל.

וואָס טוט זי, חנהלע? — האָב איך געטראַכט — די אָרימע נשמה? איך האָב איר אַוודאַי עגמת נפש פאַרשאַפט! צי וואָס, צי ווען? וואָלט איך כאָטש געקאָנט מיט איר אַ וואָרט ריידן און זיך אַנטשולדיגן! נאָר ווי אַזוי?

איינמאָל בין איך געקומען אין דערפריה צו דער אַרבעט. אין שטוב איז קיינער נישט געווען. איך בין געווען פאַרזאָרגט און נישט אויסגעשלאָפן, אין דער קיך איז געווען חנהלע, און אין מיין האַרץ איז געווען אַזאַ אומגערולד, אַז די פּעדער האָט געציטערט אין מיין האַנט. איך האָב געפילט איר יוגנט און פרישקייט, איר שלאַנקען קערפּער און איר וויכן בליק דורך דער וואַנט. אַלץ אין מיר האָט זיך געריסן און געצויגן אין דער אַנדערער שטוב אַריין, און די קאַלטע שטומע וואַנט איז זיך געשטאַנען רוהיג, ווי אַ שרעקליכע מאַכט... מיין בליק איז געפאַלן אויפן שפּיגל, מיין פּנים איז געווען בלאַס און עפּעס אַ מאָרנע ווייכקייט און אומבאַהאָלפנקייט איז דערויף געווען אויסגעגאָסן. איך האָב באַוואונדערט מיין אייגן פּנים... פּלוצלינג האָט זיך די טיר געעפנט, און חנהלע, האַלטנדיג עפּעס אַ שליסעלע אין דער האַנט, איז צוגעגאַנגען גלייך צו מיר. איך האָב מיך אויפגעכאַפּט פון אָרט עפּעס ווי דערשראָקן. זי איז צוגעגאַנגען רוהיג, גלייך, האָט אַנידערגעלעגט דאָס שליסעלע אויפן טיש און האָט געזאָגט:

— דער טאַטישי האָט געהייסן איבערגעבן דאָרט צוויי וועקסלען אין דער באַנק...

איך האָב עפּעס געוואָלט ענטפערן, נאָר מיין האַרץ האָט פּעסט געקלאַפּט, און זי איז זיך שטיל און רוהיג צוריק אַרויס־געגאַנגען.

„פאַרוואָס האָב איך נישט געמאַכט קיין שמועס מיט איר?“ האָב איך מיך אַליין געזידלט און געביסן די ליפּן פאַר כּעס. נאָר מיר איז אַפילו אין דער פאַרשטעלונג שווער געווען אויס־צוטראַכטן עפּעס אַ פראַגע אָדער אַן ענטפער, וואָס איך האָב געקאָנט איר געבן; וואָס האָב איך איר, דער חסידישער פרומער טאָכטער, געקאָנט זאָגן? ווי האָט זיך אונזער שמועס געזאָלט אָנהויבן! ערשט פאַרנאַכט האָב איך מיך דערמאָנט, אַז דאָס שליסעלע האָט זי אַנידערגעלעגט אויפן טיש, נישט מיר דער־לאַנגט אין האַנט אַריין. דאָס איז אַוודאַי אַזאַ מנהג־חסידים... איך האָב זי דאָך געקאָנט פרעגן מיט אַ שמייכל און מיט אַ ווייך קול: פאַרוואָס האָבן זי דאָס שליסעלע אַנידערגעלעגט אויפן טיש, נישט מיר דערלאַנגט אין דער האַנט? וואָס פאַר אַ געראָטענע פראַגע! נאָר דער שכל איז אַ קריכער. איצט, פאַרנאַכט אויף דער גאַס, איז מיר די פראַגע געקומען אין קאָפּ אַריין, און דאָרט, אין שטוב, בין איך געווען איבערגעשראָקן, איבערגעשראָקן און מער גאָרנישט.

---

### III

אין עטליכע טעג אַרום האָט מיר דער בחור אָנגעזאָגט אַזאַ בשורה:

— איר ווייסט, לערער? איר וועט שוין מער דאָ נישט זיין, דער טאַטישי האָט צוגענומען אַן אַנדערן.

— פאַרוואָס? — האָב איך געפרעגט, איינהאַלטנדיג אין זיך מיין כּעס אויף דעם דאָזינגן קאַלטן נפש, וואָס איך האָב אין דער לעצטער צייט נישט געקאָנט ליידן, ווי אַ שפּין.

— איך ווייס? — האָט ער מיר געענטפערט זינגענדיג און האָט דערביי עפּעס מאָדנע פאַרקרימט די צורה זיינע — די מאַמישי

זאָגט, אַז מען טאָר נישט האַלטן אין שטוב אַזאַ יונגען מאַן... איר קאָנט איבערפירן דאָס גאַנצע הויז... איר מיינט, איך ווייס ניט? ע־ע! איך ווייס! ער מיינט טאַקע...

— וואָס ווייסט איר? האָב איך געפרעגט בייז.

— דערציילט נישט קיין מעשיות, איך בעט אייך; איך בין קלינער פאַר אייך, כאָטש איר זענט אַ ליטוואַק, איר מעגט מיר גלויבן...

ווי בײַ אַלע בית־המדרש־בחורים, איז בײַ אים די גרעסטע חכמה געווען צו ריידן וועגן מיידלאַך און גראָבע וויצן זאָגן, און ווייל ער האָט דאָס אוודאי גוט געקענט, האָט ער זיך געהאַלטן פאַר זעהר קלוג און ער האָט מיך פון לאַנג אָן פיינט געהאַט, פאַרוואָס איך לאָז מיך נישט אַריין מיט אים אין אַ געשפרעך וועגן אַזעלכע ענינים. איך האָב בחנם געפרובט געוואָר ווערן פון דעם בחור, וואָס פאַר אַ בלבול מען האָט געמאַכט אויף מיר. ער האָט אַלץ געענטפערט מיט אַ שמייכל און נישט צו דער זאַך, איך האָב געזעהן, אַז די זאַך גופא אינטערעסירט אים אינגאַנצן נישט, אַז ער דאַרף נאָר מיר אַרויסווייזן זיין קלוגן קאָפ מיט זיינע חכמות. איך בין בייז געוואָרן:

— גייט מיט אייערע חכמות, פּראַים! האָב איך געשריען — דאָס איז נאָר קיין מענש נישט! איר ווילט לערנען, טאָ לערנט; נישט — טאָ שווייגט! שווייגט, און פאַרדרייט מיר דעם קאָפּ נישט!

דער בחור האָט אויף מיר אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן מיט כעס, מיך איינגעשלונגען:

— גיב נאָר אַ קוק: אַ ליטוואַק קומט זיך אַריין שרייען! אויך מיר אַ פּריץ! אַ דלות זענט איר, גייט אייך צו אַלדע שוואַרצע יאָר! וואָס טוט איר דאָ? זעה נאָר! אויך מיר אַ דייטש, מיט אויסגעקרימטע שיך און מיט צעריסענע הויזן!...

איך געדיינק, אַז מיין האַנט האָט זיך אויפגעהויבן, איך וואָלט אים, ווער ווייס וואָס געטאָן; נאָר מיין בליק איז אומגערן געפאַלן אויף מיינע קאָמאַשן, — זיי זיינען געווען אויסגעקרימט... איך האָב די האַנט אַראָפּגעלאָזט, די אויגן מיינע זיינען פול געוואָרן מיט טרערן, די שטוב און די זאַכן אַרום מיר האָבן זיך געשאָקלט

און געציטערט... מיר און מאַט, מיט אַ שוואַכן אָטעם, האָב איך מיך געזעצט אויפן בײַנקל. דער בחור איז אַרויסגעגאַנגען. איך האָב מיך אויפגעשטעלט און האָב נאָך אַמאָל באַטראַכט מײַנע קאַמאַשן: אמת, אויסגעקרימט! האָב איך געדערט צו מיר — נאָר וואָס האָט ער געוואָלט פון מײַנע הויזן?! פון מײַנע הויזן וואָס האָט ער געוואָלט?! האָב איך געחזרט, נישט ווײַסנדיג אַלײן, וואָס איך רייד פאַר כעס, און האָב פעסט פאַרביסן די ליפּן. אין מײַן כעס האָב איך נאָר געהאַט איין פעסטן פאַרלאַנג: אַרײַנצושלעפּן דעם בחור פאַר די האָר און ווײַזן אים, אַז די הויזן מײַנע זײַנען גאַנץ, האָבן קיין איין ריס, קיין איין פלעק נישט, אַז ער איז אַ ליגנער, פּשוט אַ ליגנער, און האָט ניט דאָס רעכט אַזוי צו זאָגן. אין עטליכע מינוט אַרום איז די מאַדאַם אַרײַנגעקומען און, נישט קוקנדיג אויף מיר, האָט זי געזאָגט:

— וואָס איז דאָס דאָ געווען מיט מײַן יצחקלען? איר האָט אייך עפּעס געקרינגט? ער איז דאָך אַ קינד, וואָס ווילן זיי געבעך האָבן פון אים?

דאָס קינד אירס האָט געהאַט אַ קאַרק און אַ פּאָר ברייטע געזונטע אַקסלען, ווי אַן אַטלעט; איך האָב נישט געענטפערט.

— איך וועל איהן זאָגן די וואָרהייט — האָט זי ווידער אָנגעהויבן עפּעס צו זאָגן, נאָר איך האָב מער שוין נישט געקאָנט איבערטראָגן איר ליבליכן טאָן מיט מיר. איר ריידן און איר מינע דערבײַ, איר מאַכן מיט דער האַנט פאַמעליך און דאָס גאַנצע וועזן אירס — האָבן מיר איצט אויסגעזעהן אַזוי מאָדנע פאַלש, אַזוי אומנאַטירליך, אַז איך האָב נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי איך האָב ביז אַהער געקאָנט רוהיג ריידן.

— וואָס ווילן זיי פון מיר?! וואָס פאַר אַ בלבולים האָט מען דאָ געמאַכט אויף מיר?! האָב איך געפרעגט שטרייננג און בייז און האָב מיך אויפגעשטעלט, גרייט איר אַ בײַנקל צו וואַרפן אין קאָפּ אַרײַן.

— זעהען זי, זי בייזערן זיך! אַ ליטוואַק בלייבט אַ ליטוואַק; וואָס האָבן מיר אייך פאַר אַ שלעכטס געטאָן? מען האָט דען געמאַכט אַ קאָנטראַקט אייך שטענדיג צו האַלטן? איך בעט איהן זעהר, אַז מען האַנדעלט, ווי אָרנטליכע מענשן, ברויך מען זיך צו

בּייוערן? איך פרעג אייך, אַדרבּאָ! איר וועט דאָך עפּעס אַ געבּילדעטער יונגער מאַן...

איך האָב נישט אויסגעהאָרכט דעם סוף, האָב אָנגעטאָן מיין פּאַלטאָ און גענומען גיין. בּאַ מיין אַרויסגיין האָט זיך די טיר פון דריטן צימער געעפנט און חנהלע האָט אַריינגעקוקט...

אויב אייך איז אַמאָל אויסגעקומען אויפצוּוואַכן פון אַ שווערן, שלעכטן, שרעקליכן חלום, וואָס האָט אייך לאַנג געמאַטערט, און פּלוצלינג דערזעהט איר, אַז איר געפינט אייך גאָר אין אייער איינן בּעט אין שניי־ווייסן בּעטגעוואַנט, אין אייער בּאַקאַנטער וואוינונג, נעבּן אייער טיש; ארום אייך וואַכן אָדער שלאָפן אייערע בּאַקאַנטע, נאָהענטע און געליבּטע מענשן; אין דרויסן שיינט די מאָרגן־זון פריש און הייטער, און איר פילט אייך דאָפּלט גליקליך נאָך דעם שווערן געפיל פון פריהער — קאָנט איר אייך פאָרשטעלן, וואָס איך האָב געפילט אין דער דאָזיגער מינוט, ווען די טיר האָט זיך געעפנט. מיין גאַנצער כּעס איז פּלוצלינג פאַרשוואונדן געוואָרן. איך בּין געשטאַנען אויף מיין אָרט און מיט אַנטציקונג האָב איך געקוקט אויף דעם ווייכן ליבּליכן געזיכט פון דער אַנדערער שטוב. איך געדיינק נאָך ווי איצט די עטליכע האָר, וואָס זיינען אַראָפּגעפאַלן אויף איר אויג; אַפילו די בּלויע בּלימלאַך פון דער בּלוזע מאָלן זיך מיר דייטליך אויס אין מח. געקוקט האָט זי אויף מיר און אירע אויגן האָבּן אויסגעדריקט, גאָט ווייס, ווי מען רופט דאָס אָן! עס זיינען פאַראַן בּליקן, אין וועלכע דיין האַרץ, דיינע געדאַנקען און דו איינגאַנצן פאַרלירן זיך, ווי אין עפּעס אַן אומענדליכקייט. מיין גאַנצע שנאה צו דעם בּחור, דאָס געפיל פון פאַלשקייט, וואָס האָט געווייט פון דער מאַדאַם, מיין בּאַליידיגונג, די צעריסענע קאָמאַשן — אַלץ האָט זיך אָפּגעטראָגן און בּאַהאַלטן. איך האָב פון איר די אויגן נישט געקאָנט אָפּרייסן און בּין געשטאַנען און געקוקט. עס איז געווען אַ מאָדנע סצענע: איך בּין געשטאַנען און געקוקט צו דער טיר; חנהלע האָט געקוקט אויף מיר; די מאַדאַם — אויף אונז בּיידן, און מיר אַלע האָבּן געשוויגן און זיך נישט גערירט פון אָרט, גלייך ווי מיר וואָלטן וואַרטן אויף עפּעס. נאָר אויף דער מאַדאַמס פּנים האָב איך בּאַמערקט אַ שמייכל, יענעם קאַלטן איראָנישן

שמייכל, וואָס קאָן אָפּקילן דאָס הייסעסטע האַרץ. זי האָט גע־שמייכלט! איך בין זיכער, אַז זי האָט מקנא געווען דער טאָכטער: די אינערליכע באַליידיגונג איז איר געלעגן אין די ווינקלען פון די ליפּן.

— זי וואַרטן אויף געלט? האָט זי זיך אָנגערופן — זי וועלן אַזוי גוט זיין מאָרגן אַריינקומען, וועלן זי קריגן באַצאָלט פאַרן חודש...

מיר האָט איצט געקלעקט דאָס וואָרט געלט. איך האָב געזאָגט אַ גוטן טאָג און בין אַרויסגעגאַנגען. חנהלע האָט אַלץ נישט אַוועקגעטראָטן פון דער טיר, איך האָב געפילט איר בליק אויף מיינע אַקסלען. אַז איך האָב איבערגעטראָטן די שוועל, האָב איך געפילט, ווי אין מיין האַרץ האָט עפּעס אַ העפטיגן נאָג געגעבן. איך האָב הינטער מיר פאַרמאַכט די טיר: „אויף אייביג"! האָב איך געטראַכט — „חנהלען וועל איך מער נישט זעהן, שוין קיינמאָל נישט"! אויפן הויף האָב איך באַגעגנט דעם בחור. איך האָב די אויגן אַראָפּגעלאָזט און מורא געהאַט זיי אויפצוהויבן אויף אים, מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער וועט אויף מיר די צונג אַרויסשטעלן, ווען איך זאָל אים אָנקוקן... און אין אמת אַריין, פאַרוואָס זאָל ער דאָס נישט טון? איך בין דאָך אַ ליטוואַק, אַ שרייבערל, וואָס מען באַנוצט אים, ווען מען וויל, און מען יאָגט אים אַרויס פון שטוב, ווען מען וויל, און ער איז דאָך עפּעס אַ נגידישער בחור, וואָס האָט אַ גאָלדענעם זייגער, אַ זילבערנע ציגאַרן־טאַש און אַ רייכן טאַטן, וואָס האָט שטענדיג אָפּן פאַר זיך אַ רייכע הוים מיט אַ שיינער, שיינער שוועסטער!

דאָס לעצטע האָב איך אים נישט פאַרגינט.

---

## IV

אַ שווערע צייט האָב איך דאַמאָלט דורכגעלעבט. די טעג, די נעכט האָבן זיך געצויגן אומגעהויער לאַנג, באַנאַכט בין איך שלעכט געשלאָפן, באַטאָג האָב איך אַרומגעשפּאַצירט אין די

גאַסן און געטראַכט, וועגן וואָס? איין גאָט ווייס. סוף כּל סוף האָבן זיך מיינע געדאַנקען פאַרקניפּט אָן חנהלעס געשטאַלט. מיין האַרץ האָט שטענדיק עפּעס געצויגן און גענאָגט, אַ מינוט נישט אויפגעהערט, עפּעס אַ מרה־שחורה איז אָנגעפאַלן אויף מיר, ווי אַ שווערער נעפּל, און אַלץ אַרום מיר האָב איך אויך געזעהן ווי דורך אַ נעפּל. איך בּין געוואָרן פויל, נאָכלעסיג. דער קראַוואַט איז מיר שוין איצט געלעגן פאַררוקט אין אַ זייט און איך האָב נישט געקלערט וועגן דעם; קיין שטעל האָב איך נישט געזוכט און האָב אינגאַנצן נישט געוואוסט, וואו איך לעב אויף דער וועלט.

געווען איז עס אָסיען. עס קאַפּעט אַ רעגן, די גאַס איז נאַס, די לופט טונקל, עס בּלאָזט אַ קאַלטער ווינט. דער הימל איז גראָה, זעהט אויס עפּעס, ווי פאַרשימלט, אָפּגעלעבּט; אַפילו די הייזער, רוכט זיך, טרויערן, דער בּרוק וויינט, און אַליין האָב איך מיך געפילט אַזאַ שטיק בּרוק, אַ שטיק הויז... אין דער גרויסער שטאָט בּין איך געווען עלנט.

איך בּין געוואָרן אויפגערעגט; מיינע נערוון זיינען געווען ווי אַן אָנגעצויגענע סטרונע. אַ ליאַרע רויש, אַ ליאַרער בּליק האָט מיך געמאַכט אומרוהיג אינגאַנצן. איך האָב נאָך געקאָנט אַריינ־גיין צו מיין געוועזענעם פּרינציפּאַל מאָנען פאַר אַ חורש, נאָר איך האָב דאָס אָפּגעלעגט פון טאָג צו טאָג. דאָס וואָלט געווען דער לעצטער פּרוב, דאָס לעצטע מאָל האָב איך געוואָלט אַריינ־גיין אין דעם הויז, איך האָב מיך געשראָקן. בּאַנאַכט איז מיר שווער געווען איינצושלאָפן. אום די צייט צו פאַרטרייבן, האָב איך גענומען שרייבן אַן אַרטיקל מיט דער רעה עס אָפּצודרוקן. מיין אַרטיקל האָט געטראָגן דעם נאָמען: „די לאַגע פון די חסידישע טעכטער אין פּוילן". דעם אינהאַלט פון דעם אַרטיקל געדיינק איך שוין נישט קלאָר, נאָר דאָס געדיינק איך, אַז מיין אַרטיקל איז געווען אָנגעשריבן אין טאָן פון איכה, — אַזוי פיל טרערן זיינען דאָרט געווען. איך האָב געשריבן וועגן חסידישע טעכטער און אין זינען בּאַ מיר האָט נאָר געשוועבט די לאַגע פון דער איינציגער טאָכטער — חנהלע. איך האָב געשילדערט איר לעבן, ווי זי פאַרוועלקט און פאַרבּליהט אין דער בּעסטער, שענס־טער יוגנט, ווי אומגליקליך זי איז, איך האָב געשריבן און האָב

גאָרנישט באַמערקט, אַז מיך אינטערעסירט גאָר לגמרי נישט „די לאַגע פון חסידישע טעכטער אין פוילן“, אַז איך גיס דאָ איצט אויס מיין איבערפולט האַרץ אויף דעם גוטן פּאַפּיר, וואָס האָרכט מיך אויס אַזוי ליבליך... נאָר אין מיטן שרייבן האָב איך דער־פילט, אַז עפּעס האָט מיר אַ נאָג געגעבן באַם האַרץ, דערנאָך איז מיר איינג געוואָרן אין האַלז, און איך האָב פּלוצלינג אַרויס־געבראָכן מיט אַ געוויין, וואָס איז מיר גאָר פרעמד געווען, וואָס האָט עפּעס גאָרנישט ווי פון מיר געשטאַמט. איך האָב גע־שלוכצט הויך אויפן קול און האָב מיך בשום אופן נישט געקאָנט איינהאַלטן. איך האָב אַזוי הויך געוויינט, אַז מיין בעל־הביתטע, וואָס האָט געוואוינט אין פאָדערשטן צימער, האָט מיך דערהערט און איז אַריינגעקומען, האַלטנדיג דעם אויסגעטונענעם פּאַריק אין האַנט.

— וואָס איז אייך, יונגערמאַן?! האָט זי גענומען שרייען — אַי וואו איז דער טוך? גייט נאָכן דאָקטאָר... הערנדיג די געשרייען פון דער אידענע מיטן פּאַריק אין האַנט, האָט זיך מיר עפּעס געוואָלט לאַכן, נאָר קענען מיין ווילן האָב איך אָנגעהויבן נאָך העכער צו וויינען. עס איז געוואָרן אַ מהומה אין שטוב. עס איז אַריינגעקומען אויך דער מאַן אירער, די רינסט, און די צוויי קליינע קינדער האָבן אָנגעהויבן צו וויינען הויך אויפן קול. מיר איז געווען זעהר שלעכט. איך האָב זיך מיט אַלע כחות געמאַטערט זיך איינצוהאַלטן און צו שטילן דאָס געוויין, נאָר וואָס מער איך האָב מיך געוואָלט איינהאַלטן, אַלץ מער האָב איך געשלוכצט און געוויינט.

— גאָרנישט... גאָרנישט... האָב איך זיך געמאַטערט אַרויס־צורייידן, און מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך שריי הויך אויפן קול, בשעת מיין קול איז פאַרשלונגען געוואָרן אין מיינע שלוכצן. קוים וואָס מיר איז געלונגען צו באַרוהיגן מיך און מיינע בעלי־בתים. זיי האָבן זיך נאָך לאַנג געדרייט אַרום מיר, ביז איך האָב זיי געקאָנט איינרייידן, זיי זאָלן גיין שלאָפן. איך האָב גענומען איבערלעזן, וואָס איך האָב געשריבן, און אויך איצט האָב איך מיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון טרערן, נאָר דאָס מאָל האָב איך שוין גאָר אַנדערש געוויינט: שטיל, רוהיג, און מיר איז

לייכטער געוואָרן אויפֿן האַרצן פֿון די טרערן. איך האָב געלעזן וואָרט פֿאַר וואָרט. און מיר האָט זיך געדוכט, ווי עפּעס אַן אַנדערער רעדט דאָס צו מיר און פֿילט מיך. איך האָב מיך געשעמט: פֿאַר זיך אַליין, וואָס איך האָב דעם אַרטיקל געוואָלט אָפּגעבן צו דרוקן, — מיין האַרץ, מיין געפֿיל האָב איך געוואָלט עפּענען פֿאַר אַלע, פֿאַר וועמען עס וויל נאָר, ער זאָל זיפֿצן אָדער גאָר לאַכן פֿון מיר.

אַמאָל, פֿאַרנאַכט, האָב איך מיך אַרומגעדרייט אין די גאַסן. מיר איז געווען אומעטיג, דערשטיקט צו ווערן. אין דערהיים, אין מיין קליין שטעטל, פֿלעגט מיך דער ערשטער שניי פֿרייען און דערוועקן אין האַרץ אַ גוט, וואַרעם, שטיל און רוהיג געפֿיל; דאָ אָבער, אין דער גרויסער שטאָט, האָט ער נאָך מער מרה שחורה אָנגעוואָרפֿן אויף מיר, דערמאָנענדיג אָן דעם לאַנגען ווינטער אין אַ פֿרעמדער שטאָט, צווישן פֿרעמדע מענשן און אַ פֿרעמד לעבן. דער שניי איז געפֿאַלן און געפֿאַלן און איז באַלד צעטראָטן געוואָרן אונטער די פֿיס; איך האָב געשלעפּט די פֿיס מיינע אין דער נאַסער מאַסע און האָב נישט באַמערקט, וואו איך גיי, די פֿאָריגע נאַכט בין איך כמעט נישט געשלאָפֿן. איצט קומט ווידער אַ נאַכט, אַ לאַנגע, קאַלטע און פֿינסטערע נאַכט, וואו טוט מען זיך אַהין? וואו אַנטלויפֿט מען פֿון דעם אייגענעם האַרץ... באַ מיר האָט זיך נאָך געפֿונען עפּעס געלט. איך בין צוגעגאַנגען צום טעאַטער־פּלאַץ און האָב גענומען אַ בילעט, עס פֿאַרשטייט זיך אַ ביליגן, אויפֿן פֿערטן שטאָק. האָב איבערגעגעבן דעם שווייצאַר מיין פּאַלטאָ מיט מיין נאַסן הוט, האָב גענומען אַ לאָרנעט און בין אַוועק אויף מיין אָרט. פֿון דעם דאָזיגן אָרט מיינעם, אויפֿן פֿערטן שטאָק און דער פֿערטער שורה, איז שווער געווען צו זעהן, וואָס ס'טוט זיך אויף דער סצענע. אַנדערע האָבן זיך געשטופּט, זיינען געקראָכן אויף די בּיינק, אָנגעהאַלטן זיך אָן די ווילן. איך בין געזעסן אויף מיין אָרט רוהיג און האָב אַפילו מיין לאָרנעט נישט באַנוצט. מיך האָט געעקלט צו קוקן אויף די הונדערטער מענשן אין די נידעריגע גאָרנס, אויסגעפּוצטע, ווי די קוקלעס, זאַטע, צופֿרידענע, אָהן שום געפֿיל אין האַרצן, וואָס זיינען זיך געקומען ווילן, גלאָצן אויף דער סצענע, כּדי צו האָבן

דערנאָך װעגן װאָס צו ריידן. מיר האָט זיך געװאָלט זעהן בלייכע, פאַרזאָרגטע פּנימער, אומצופרידענע באַװעגונגען, און דאָ איז אַלץ געװען גלאַט, פיין, אויסגעפוצט, גלייך װי די גאַנצע װעלט זאָל אין אמתן זיין אַ חתונה, און קיין בענקעניש און אומגליק זאָלן זיך אין איר נישט געפינען... איך האַלט מיר נאָך ביז איצט באַ מיין מיינונג, אַז צו הערן מוזיק האָבן דאָס רעכט נאָר אַזעלכע מענשן, װאָס ליידן אַ סך, װאָס זיי איז שװער דאָס לעבן אַריבער־צוטראָגן און מוזן אויף אַ װײַלע פאַרגעסן זיך און די װעלט. גלאַט אַזוי הערן מוזיק, אָנשטאָט קאָרטנשפילן אָדער רכילות טרייבן — דאָס איז אַן עולה, אַ גראָבקייט. מענשן, װאָס האָבן נאָך אַ פונק האָפענונג אין לעבן, נאָך אַ ברעקל װילן, באַדאַרפן קיין מוזיק נישט; און װען די גרויסע, װעלט־באַרימטע מוזיקער װאָלטן געפאָלגט זייער יושר, נישט זייער קעשענע, װאָלטן זיי קאָנצערט געגעבן נישט אין טעאַטער פאַר דער מענגע צופרידענע, געזונטע מענשן, נאָר פאַר יערן בעט פון אַ גוסס, װאָס האָט צו זיין אומגליק נישט פאַרלאָרן דעם דעת און גייט אוים פאַר שרעק און טויט־אַנגסט... איבעריגנס, געהערט דאָס נישט צו דער זאַך.

דער אָרקעסטער, געדיינק איך, האָט אָנגעהויבן צו שפּילן; אין טעאַטער איז נאָך ליכטיג געװען. דער עולם האָט זיך צוזאַמען אַ ריר געגעבן, און מען האָט אָנגעהויבן צו קריכן איינער דעם אַנדערן אויף די קעפּ. איך בין געזעסן אויפן אָרט און געװאַרט. ביסלעכװייז איז רוהיגער געװאָרן. די טענער פון אונטן האָבן איצט אַרויפגעשװאומען ריינער, זיי האָבן איינגעשטילט דאָס גערויש און געמורמל און האָבן אָנגעהויבן אַליין צו געװעלטיגן. דער מאָטיװ איז געװען אַ געלאַסענער, האָט זיך אין אָנהויב געװיזן צו זיין גאָר לייכט און כמעט װי צופרידן; נאָר אָט האָט זיך געהערט עפּעס װי אַ זיפץ, װי ס׳װאָלט אין אַ נשמה אַ סטרונע געפּלאַצט, און דער גאַנצער מאָטיװ איז געװאָרן אַנדערש: דערשטיקטע טרערן, איינגעהאַלטענע זיפצן האָבן זיך געמאַטערט לויז צו רייסן, נאָר עפּעס אַ װילדע קראַפט האָט זיי געשטערט, איינגעהאַלטן, זיי צוריקגעשטופּט, און הילפלויז האָבן זיי זיך װידער אָנגעהויבן צו רייסן פון אָרט, נאָר שטילער שוין, מיט װייניגער האָפענונג, װי

פריהער... די טענער זיינען געוואָרן אַלץ שטילער, שוואַכער — אין טעאַטער איז פינסטער געוואָרן, דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן.

וואָס אויף דער סצענע טוט זיך, האָב איך נישט געוואוסט: מיר זיינען די אויגן צוגעפאַלן, אויפן מח איז אָנגעפאַלן עפּעס ווי אַ נעפּל, דורך וועלכן עס האָבן זיך נאָר געטראָגן צעריסענע געראַנקען, אָפּגעהאַקטע בילדער... איך האָב נישט אונטער־שיידן, צי מען זינגט, צי מען שפּילט. די טענער, האָט זיך מיר געדוכט, פליסן איין אין מיר, רירן מיין האַרץ און שאַפן עס איבער אויף ס'ניי: פון אומגליק ווערט גליק, פון ליידן — נחת; אַלץ ווערט הייליג און געבענטשט, און דו פילסט, אַז ביסט געוואָרן גרינגער, לייכטער און פריי, אומבאַגרענעצט פריי... דער ערשטער אַקט האָט זיך געענדיגט. דער טעאַטער האָט געהילכט פאַר קלאַפּן און שרייען בראַוואָ. די ליכטיגקייט האָט געבלענדט מיינע אויגן, איך האָב טיף אָפּגעזיפצט און האָב זיך אומגעקוקט. אַרום מיר איז געוואָרן גרוימער, דער עולם איז אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר, איך האָב מיך דערמאָנט אָן מיין לאָרנעט און האָב גענומען באַטראַכטן דאָס פּובליקום. און דרייענדיג אַזוי מיט דעם לאָרנעט, האָב איך באַמערקט אין צווייטן שטאָק, קעגנאיבער מיר, אַ באַקאַנט פּנים פון אַ פּרויענצימער. זי איז געזעסן מיט אַ קאַ־וואַליער, און זיי זיינען געווען, ווי איך האָב מיך געקאָנט משער זיין, פּאַרטנער אין אַ שמועס. איך האָב מיינע אויגן נישט געגלויבט: זי איז געווען זעהר ענליך צו חנהלען: דער זעלבער שטערן, די זעלבע אויגן מיט די רונדיגע, ווי אויסגעשניצטע ברעמען, דעם רעשט פּנים איז מיר שווער געווען צו באַטראַכטן; זי האָט גערערט, געלאַכט און געבויגן זיך פון אָרט צו אָרט... ווי קומט זי אין טעאַטער אַריין, זי, די חסידישע טאָכטער, וואָס האָט מיט מיר, מיט אַ פרעמדן יונגען־מאַן, קיין וואָרט נישט געוואָלט ריידן, וואָס שעמט זיך אַפילו פאַר די אויגן צו ווייזן? און וואָס וואָלטן אירע עלטערן געזאָגט?

נאָר אָט האָט זי באַמערקט, אַז מען קוקט אויף איר. איר פּנים איז פּלוצלינג געוואָרן רוהיג, אומבאַוועגט, און איך האָב זי

דערקענט, — זי, די רוהיגע, פרומע און שעמעוודיגע חנהלע! איך האָב שיער ניט קיין געשריי געגעבן פאַר איבערראַשונג... דער ערשטער געדאַנק, וואָס האָט ווי אַ קלאַפּ געגעבן אין מיין מוח, געדיינק איך, איז געווען, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט, מיין אייגנליבע האָט מיך גענאַרט: זי איז נישט קיין שעמעוודיגע, נישט פאַר צניעות האָט זי גאַנצע חדשים מיט מיר קיין וואָרט נישט גערעדט, נאָר ווייל איך אַליין בין איר געווען דערווידער, זי האָט מיך נישט געקאָנט ליידן — פשוט! איך האָב געקריצט מיט די ציין פאַר כעס אויף זיך, אויף מיין מכלומרשט רחמנות האָבן אויף איר, אויף מיין בייִנקעניש די גאַנצע צייט, און דער עיקר — אויף איר, אויף דער חסידישער טאָכטער...

אין טעאַטער איז שוין לאַנג פינסטער געווען. די מוזיק האָט מיך איצט נישט אינטערעסירט, איך בין געזעסן אויפן אָרט, האָב צונויפגעלעגט די הענט אין אַ פאַרמאַכטן פויסט און האָב געטענעט: ווי האָט זי דאָס אַ העזה צו גיין מיט אַ פרעמדן יונג אין טעאַטער?! ווי קאָן דאָס אַ חסידישע טאָכטער טון?! ווי קאָן מען זיין אַזוי פאַלש?! אין די מינוטן האָט איר דער פאָטער אירער גיכער געקאָנט מוחל זיין די עבירה, וואָס זי האָט געטאָן, איידער איך...

דער צווייטער אַקט האָט, צו מיין גליק, נישט לאַנג געדויערט, און איך האָב זיך געאיילט אָפּגעבן אַ רעכענונג, וואָס איך וויל דאָרט טון. איך האָב נישט לאַנג באַראַרפט וואַרטן. פון טעאַטער אין קאָרידאָר אַריין האָב איך באַלד דערזעהן אַרויסגיין חנהלען, און נעבן איר אַ יונגערמאַן, זעהר עלעגאַנט געקליידעט, מיט אַ ראַזירטער באָרד און מיט לאַנגע וואָנצעס. זי האָט מיך באַלד דערזעהן, און איר פנים האָט אויסגעקרימט עפּעס אַ מאָרנע גרימאַסע. מיר איז פּלוצלינג אַ רחמנות געוואָרן אויף איר. איך וואָלט מיך באַהאַלטן, ווען איך וואָלט געקאָנט. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט מער געדויערט, ווי עטליכע סעקונדעס; איר פנים איז ווידער רוהיג געוואָרן, זי האָט עפּעס גערעדט צום יונגענמאַן און איז צוגעגאַנגען צו מיר פאַמעליך, רוהיג, ווי קיינמאָל גאָרנישט, און האָט מיר דערלאַנגט די האַנט:

— אַ, פֿאַניע ק.! זי זיינען אויך דאָ? וואָס מאַכט מען עפּעס גוטס?

מיינע פֿיס האָבן געציטערט אונטער מיר, איך האָב מורא גע־האַט, אַז איך זאָל נישט קריגן אויפֿן אָרט היסטעריע. איך האָב אַפֿילו נישט געטראַכט איר מיין האַנט צו דערלאַנגען. איך בין געשטאַנען ווי צוגעמויערט, זי האָט די דערלאַנגטע האַנט אירע צוריקגענומען און האָט געוואָלט אַוועקגיין.

— חנהלע... האָב איך קוים אויסגערעדט און האָב אָנגענומען זי פֿאַר דער האַנט, עפּעס נישט ווי מיט מיין ווילן. זי האָט אָפּגע־רוקט איר האַנט, האָט מיך אָנגעקוקט און געזאָגט:

— לאָזן זי געמאַך, איך בעט אייך... ס׳איז נישט שיין.

— חנהלע... האָב איך ווידער געמורמעלט און האָב נישט געוואוסט, וואָס מען רעדט. דער יונגערמאַן איז געשטאַנען אין דער זייט, האָט געדרייט די וואָנצעס און האָט קאַלט געקוקט אויף אונז.

— איך האָב קיין צייט נישט — האָט זי זיך פֿאַרענטפֿערט — איך מוז אַהיים גיין, זי זעהען דאָך, ס׳איז ערשט נאָכן צווייטן אַקט...

זי האָט גענומען אַוועקגיין, איך האָב ווידער געפֿילט, אַז איך פֿאַרליר זי אויף אייביג.

— איך וועל זי שוין קיינמאָל מער נישט זעהן? האָב איך כּמעט ווי אויסגעשריען.

— פֿאַרוואָס? — האָט זי געענטפֿערט מיט אַ שמייכל, מיט דער מוטערס שמייכל — איך לאָז עפּעס נישט קוקן אויף מיר? זי ברויכן מיך עפּעס צו זעהן? האָט זי געפֿרעגט מיט אַן ערנסטער שטים און געקוקט מיר אין די אויגן אַריין, פֿאַרשנדיג.

— יאָ, איך ברויך זי צו זעהן, איך מוז זי זעהן... זי האָט אויסגעזעהן צו זיין זעהר פֿאַרלייגן, און האָט נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפֿערן. זי איז צוגעגאַנגען צום קאַוואַליער. זיי האָבן עפּעס גערעדט צווישן זיך, איך האָב פֿון דערווייטן געזעהן, ווי ער האָט אַרויסגענומען דאָס בייטעלע און האָט איר געוויזן, אַז ער האָט נישט קיין געלט. איך האָב נישט געוואוסט, וואָס דאָס אַלץ זאָל באַטייטן. זי איז צוגעגאַנגען צו מיר און האָט געזאָגט:

— אויב זי ווילן, קאָנען זי מיך זעהן מאָרגן זיבן פאַרנאַכט...
זי האָט אָנגערופן די גאַס און דעם נומער און איז באַלד אַוועקגעגאַנגען.

איך בין אויך אַרויס באַלד פון טעאַטער, און אין מיין מוח האָט אָנגעהויבן אַלץ קלאָרער צו ווערן. אין מיינע אויערן האָט נעקלונגען איר געלעכטער, וואָס איך האָב אַמאָל געהערט. ניין! זי איז נישט געווען קיין כּשרע פרומע נשמה, ווי איך האָב געמיינט. זי איז, ווי עס זעהט אויס, גאַנץ געניט געווען צו ריידן מיט יונגע־לייט, אויב זי האָט מיך אַזוי רוהיג באַגעגנט. אין דערהיים האָט זי זיך עקסטרע מיט מיר אַזוי געהאַלטן, כּדי עס זאָל אויף איר קיין שום חשר נישט פאַלן... איך האָב געלעבט אין עפּעס אַ פאַרבלענדונג.

---

V

זי האָט אויף אַ מינוט נישט פאַרשפּעטיגט. פּונקט אַזיינער זיבן איז זי אָנגעקומען מיט גיכע, לייכטע טריט; האָט מיך גלייך דערזעהן און האָט מיר דערלאַנגט די האַנט:

— אָ! זעהען זי! האָט זי געזאָגט און געוואָלט צוריקנעמען מכּלומרשט די האַנט — איך האָב דאָך גאָר פאַרגעסן! איר נעמט דאָך נישט די האַנט; איר זענט אַזאַ פרומער? יאָ?

נאָר איך האָב זי נישט געלאָזט צוריקנעמען די האַנט. נאָך דעם אַלעם, וואָס איך האָב מיך אָנגעליטן פון חנהלען, נאָך די נעכט אָהן שלאָף און טעג פון בּיינקעניש און טרויער האָב איך איצט אויף איר געוואַרט, ווי מען וואַרט אויף אַ ניי אומבאַקאַנט גליק. איך האָב געהאַלטן איר האַנט אין מיינער און געטראַכט: איז דאָס אַלץ? איז דאָס חנהלע? ליב געהאַט און געבּיינקט האָב איך גאָר נאָך אַן אַנדערער: נאָך אַ פרומער, שעמעוודיגער, וואָס האָט מורא אויף אַ מאַנספּאַרשוין אַ קוק צו געבן. זי האָט באַפרייט איר האַנט פון מיינער און האָט געזאָגט:

— זי האָבן זיך געכטן פֿאַרוואונדערט? אַוודאַי, יאָ! וואָס מיינען זי, איך קאָן נישט קיין צוויי ציילן? איך וויס נישט, אַז די מאַמישי גייט מיטן פּעטער אין טעאַטער אַריין? די מאַמישי לאָזט מיך קיין וואָרט נישט ריידן מיט קיינעם. פֿרעג איך זי, פֿאַרוואָס? ס'איז עפּעס אַן עבירה? זאָגן זי? זי קאָנען דאָך אַוודאַי לערנען — אַלע ליטוואַקעס קאָנען לערנען — ס'איז עפּעס אַן עברה? —

איך בין איצט געווען פֿאַרנומען מיט מיינע אייגענע געראַנקען און האָב זי ווייניג געהאָרכט. ניין, ניין — האָב איך געשמייכלט. איך האָב עפּעס געפֿילט אין אירע רייד, אַז זי וויל מיר עפּעס זאָגן און זוכט נאָר אַרויספֿצופֿירן דעם שמועס אויף דעם. וואָס וועט זי מיר זאָגן? איך האָב גענומען איר האַנט און צוגעפּרעסט צו מיינע ליפּן. זי האָט מיר דאָס נישט געוועררט. איך האָב אָבער באַלד אַרויסגעלאָזט איר האַנט. געקושט האָב איך אַן אַנדערע. אמת, אַ שיין מיידל, נאָר אַ פֿרעמדס! אַ צופֿעליגס. אין האַרץ האָב איך געפֿילט, אַז אָט איצט, באַ דעם ראָזינען געשפּרעך, האָב איך פֿאַרלאָרן עפּעס זעהר טייערעס און וויכטיגעס, וואָס וועט אפשר שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען, און מיר איז אַ שאָר געווען און פֿאַרדראָסן האָט מיך עפּעס... זי האָט איבערגעהאַקט די שווערע שטילקייט:

— איך בעט זי זעהר, זי וועלן נישט דערציילן באַ אונז אין דערהיים?

איר שטים איז געווען געבראָכן. זי האָט פּלוצלינג אָפּגעהאַקט און געוואַרט אויף אַן ענטפֿער. איך האָב מיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן:

— אַזוי?! האָב איך געערערט מיט כּעס — אויף דעם האָבן זי מיך גערופֿן היינט?

נאָר זי האָט נישט פֿאַרשטאַנען דעם טאָן פֿון מיין פּרעטענזיע. זי האָט גערעכנט פּשוט, אַז איך וויל מיך באַנוצן מיט דעם פֿאַל, און האָט מיר פֿאָרגעלעגט דריי רובל, איך זאָל שווייגן.

— איך בעט זי, זאָגן זי נישט — האָט זי זיך אָנגעהויבן צו בעטן. מיך האָט שוין אָנגעהויבן צו עקלען.

— באַהאַלטן זי די דריי רובל! — האָב איך געזאָגט שטרייננ — איך וועל נישט זאָגן... איך בין פּלוצלינג ווייכער געוואָרן און האָב גענומען ריידן ווייכער.

— ווייסן זי וואָס, חנהלע? קומט, מיר וועלן אַביסל גיין... אין מיר האָט זיך דערוועקט אַן אַנדער געפיל... די אויגן מיינע האָבן געמוזט האָבן אַ שלעכטן גלאַנץ: אַ גירינגן, כיטרען... מיר זיינען געגאַנגען שטיל. אַריינקומענדיג אין אַ שמאָלער, שטילער גאַס, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און האָב געמאַכט אַ באַוועגונג זי אַרומצונעמען, נאָר זי איז געבליבן שטיין אויפן אָרט, האָט שטרייננ געקוקט אויף מיר און האָט געגראָזיעט מיטן פינגער:

— ע, ליטוואַק! — ניין! האָט זי גערעדט מיט כעס. און זי האָט געקאָנט באַפעלן. איך בין געבליבן שטיין פון דער וויטן און האָב נישט געוואַגט זיך צו רירן פון אָרט.

— אַ גוטע נאַכט! — האָב איך קוים אַרויסגערעדט און בין געגאַנגען מיין וועג מיט גיכע טריט. מיך האָט געעקלט מיין גראָבקייט, מיין ליבע, די דריי רובל, די וועלט... עס האָט זיך מיר געוואָלט באַהאַלטן פאַר זיך אַליין...

— ליטוואַק! דריי רובל נעמען זי! — האָט זי מיר נאָכגעשריען, און דאָס זיינען געווען די לעצטע ווערטער פון מיין געליבטער.

---

# I

צווישן יערן קרייז מענשן געפינען זיך שטענדיק אַזעלכע פערזאָנען, וואָס פאַרדינען אַ הסכמה פון אַלע צוגלייך, וואָס זיינען אומעטום באַרימט, פון אַלע געליבט, וועלכע מען דערמאָנט נאָר צום גוטן, און קיין שלעכטס, רוכט זיך, שיקט זיך נישט פון זיי צו ריירן. אַזאַ מין פערזאָן איז געווען צווישן אירע חברטעס־קורסיסטקעס ליובאַ איסאַקאָוונאַ פירלער.

„כאַראָשי טשורני טשעלאָוויעק“ — האָט זיך אָנגעהויבן און געענדיגט יעדעס געשפּרעך וועגן איר.

שטענדיק אַביסל מעלאַנכאָליש געשטימט, וואָס מען האָט געקאָנט דערקענען אין אירע בּיינקענדיגע אויגן און אומעטיגן קורצן שמייכל, איז זי דאָך געווען שטענדיק הייטער, גרייט צו אינטערעסירן זיך מיט פרעמדע זאָרגן. זעלטן אָבער האָט זי זיך געקלאָגט פאַר עמיצן. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז זי איז איין גליקליכע צווישן אירע חברטעס, די פאַרוואָגלטע נשמות, וואָס פירן געוויינליך אַ לעבּן פול אומצופרידנקייט, לאַנגווייליגקייט און נויט.

אַליין איז זי געווען אַ מיידל פון אַ יאָר צוויי און צוואַנציק, אַ הויך־געוואַקסענע שאַטינקע מיט אַ שלאַנקער, רירעוודיגער פיגור, מיט אַ ווייך, אַביסל לייִנגליך, נאָר זעהר איידל געזיכט און מיט אומעטיגע קלאָרע אויגן. עפּעס אויסטערלישעס שיינס איז שווער געווען אין איר צו געפינען. זי איז געווען איינע פון יענע פרויען, וואָס גילטן נישט פאַר שיינע, ווי לאַנג אַ קינסטלערישע אויג, אָדער גלאַט אַ פאַרליבּטער בּליק אַנטפּלעקט נישט ווייער־האַרמאָניע און שיינקייט. אין פאַרלויף פון די לעצטע צוויי יאָר, וואָס זי האָט שטודירט אין וואַרשע אויף אַקושאָרקע־פעלדשערין,

האָט קיינער זיך אין איר נישט פאַרליבט, קיינער האָט זי נישט נערימט פאַר אַ שיינע. און זי אַליין האָט אויך אויפגעהערט צו גלויבן, אַז זי איז שיין און קאָן געפעלן.

מיט עטליכע יאָר צוריק, ווען זי איז געווען אין גימנאַזיע אין איר געבורטס־שטאָט אין דרום־רוסלאַנד, האָט מען זי געהאַלטן פאַר אַ שיינע. זי האָט ליב געהאַט זיך שיין צו קליידן, און קיין שום זאַך האָט איר נישט געקאָנט פאַרשאַפן אַזוי פיל פאַרגעניגן, ווי אַ נייע ווייסע בלוזע, ווען זי איז שיין און גוט געלעגן אויף איר. זי איז געווינט געווען צו פאַרליבטע בליקן, צו לאַסקעס און צו זיין די ערשטע אומעטום. נאָר דאָס איז געווען אַמאָל. איצט איז זי אַן אַנדערע, געפעלט נאָר פאַר עפּעס אַנדערש און נאָר אויף אַן אַנדער אופן.

געלעבט האָט זיך איר נישט בעסער פאַר אירע חברטעס, אויב נאָך נישט ערגער און אומעטיגער. זי האָט באַקומען פון דערהיים אַריינגעשיקט צוואַנציג רובל אַ חודש, וועלכע האָבן קוים גע־קלעקט אויף צו וואוינען, צוזאַמען מיט נאָך אַ קורסיסטקע, אין אַ בוידעם־צימער אויפן פערטן שטאָק און צו דערנערן זיך אַזוי פיל, אום נישט צו ליידן קיין הונגער. נאָר אויך די צוואַנציג רובל זיינען נישט שטענדיג געקומען צו דער צייט. זי האָט געוואוסט, אַז אירע עלטערן קומט נישט אָן לייכט אָפּצושפּאָרן דאָס געלט, און האָט דערפון אינערליך זעהר פיל געליטן. דאָס לעבן אירס איז דורכגעגאַנגען אין לערנען די לעקציעס, אין אַרבעט אין שפּיטאָל, אין לעזן, מערסטנטיילס אומלעגאַלע בראָשורן. אין דערהיים האָט אויף איר געוואַרט דאָס איינגע צימער מיטן פענסטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויפן דאַך, מיט די קרומע ווענט; טיי, וואָס זי האָט געקאָכט אויף דער מאַשינקע, און איר ליבע חברטע קראַטאָוואַ, אַ רוסין פון מאָסקווער גובערניע, אַ פּאָפּס אַ טאָכטער. דאָס איז געווען אַ געזונט, פעסט־געבויט, שיין און גוטמוטיג באַשעפעניש, מיט שמייכלדיגע אויגן און שעמעוו־דיגע, געלאַסענע באַוועגונגען, אַ שווייגנדיגע און אַ רוהיגע. צו פּידלער האָט זי געפילט אַ שטאַרקע סימפּאַטיע, נאָר אויך דאָס געפיל האָט זי געקאָנט אויסדריקן מער מיט אַ געלעכטער און אַ שטומער באַוועגונג, איידער מיט ווערטער.

עס האָט געטראָפֿן, אַז די ביידע קורסיסטקעס זיינען געזעסן אין צימער, ווען דער קורצער ווינטער־טאָג האָט שוין געהאַלטן באַם עק. אַ טונקלקייט האָט אָנגעפּילט דאָס איינגע צימער, און אין די ווינקלאַך איז שוין געווען אינגאַנצן פינסטער. קיין געלט אויף נאַפט איז ניט געווען. ביידע האָבן שטיל געוואַרט אויף אַ באַקאַנטן, וואָס זאָל קומען און באָרגן קליין־געלט. פּ י ר ל ע ר איז געזעסן נעבן פענסטער, אָנגעשטריינגט די אויגן און געלעזן אַ בוך. ק ר אַ ט אָ ו ו אַ האָט גענומען גלעטן אירע האָר, פאַר־פלעכטן זיי און צעפלעכטן, און האָט זיך דערלויבט צו לאַכן הויך אויפן קול, וואָס באַ דער העלער ליכט פון טאָג האָט זי זיך עפּעס ווי געשעמט צו טון. פּ י ר ל ע ר האָט אַלץ געלעזן, און איר בליק האָט זיך געראַנגעלט מיט דער טונקלקייט, וואָס איז געוואָרן געדיכטער און געדיכטער.

— גענוג שוין דיר צו לעזן. דו מאַכסט דיר קאַליע די אויגן,— האָט ק ר אַ ט אָ ו ו אַ געזאָגט, און אין דער טונקלקייט האָט זיך געזעהן דאָס ברייטע געלעכטער און די מילדקייט, וואָס זיינען געווען אויסגעגאָסן אויף איר פּנים.

פּ י ר ל ע ר איז אויפגעשטאַנען, געבראַכט די האָר אין אָרדענונג און גענומען אַ פלאַש אין דער האַנט צו ברייננגען נאַפט. די חברטעס האָבן זיך אָנגעקוקט מיט אַ שטומען שמייכל.

— ווי מיינסטו? דער קרעמער וועט געבן אויף באָרג? איך וועל פּרובירן.

— דער הונט וועט ניט געבן, — האָט ק ר אַ ט אָ ו ו אַ זי אָפּ־געדערט. גיי נישט בחנם, זעץ זיך ליבער.

די חברטעס זיינען געבליבן אין דער פינסטער און האָבן גע־שמועסט פאַרטרויליך. פּ י ר ל ע ר האָט פאַנטאַזירט וועגן איר צוקונפט. איר האַרציגע שטים האָט איצט געקלונגען נאָך באַזונדער ווייך:

— אַז איך וועל ענדיגן, וועל איך אַריינטרעטן אין דינסט באַ דער זעמסטווע, וועל וואוינען אין דאָרף; איך וועל היילן, וועל נוצליך זיין אויף יעדן טריט, וועל פירן פּראָפּאַגאַנדאַ. דאָס וועט זיין אַן עכט לעבן, נשמה מיינע; נישט אַזוי ווי דאָ, וואו מען קאָן שטאַרבן פאַר לאַנגווייליגקייט.

— און חתונה האָבן װעסט דו נישט? — האָט קראַטאָװאַ געפרעגט שטיל.

פירלער האָט זיך פאַרטראַכט און געענטפערט:

— פאַרװאָס נישט חתונה האָבן? אויב עס װעט זיך טרעפן אַ מענש לויט מיין האַרץ און װעט װעלן אַרבעטן צוזאַמען אין דאָרף, — פאַרװאָס נישט? איבעריגנס, װעל איך קײנמאָל נישט חתונה האָבן. איך בין דאָך נישט קיין שײנע. מיך װעט קײנער נישט ליב קריגן, און אָהן ליבע װיל איך נישט חתונה האָבן, קײנמאָל נישט.

—ניין, דו ביסט אַ שײנע, אויף מיין ערליך װאָרט — אַ שײנע...

— דו ליגסט, שעלמאַ! — האָט זיך פירלער אָנגערופן מיט אַ געלעכטער. ביידע האָבן זיך הויך צעלאַכט.

אַזעלכע געשפּרעכן האָבן זיך געקאָנט לאַנג פאַרציהען, ביז עס איז געקומען װער פון די באַקאַנטע און האָט געבאָרגט קלײן־געלט. אין צימער איז געװאָרן ליכטיג, און די חברטעס איז עס פאָרגעקומען, װי זײ װאָלטן דורכגעלעבט עפּעס אַ חלום, און האָבן זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע מיט אַ שמייכל.

עס איז געװאָרן טײ, באַלד זײנען געקומען נאָך באַקאַנטע, מען האָט גערעדט, געשפּאַרט זיך, געלאַכט, געזונגען לידער און גערוישט און געלאַרעמט. נאָר אַ מאָרגנע זאַך, פירלער, די געליבטע פון אַלע, האָט װײניג מיטגעלאַרעמט און האָט זיך געהאַלטן אַביסל פון דער װײטן. צו די רייד האָט זי זיך צוגעהערט, נאָר אַליין האָט זי זיך נישט געקאָנט שפּאַרן. װאונדערליך און פאַרדראָסיג איז איר געװען, װען זי האָט געהערט רײדן אַזוי שנעל און לײכט װעגן דעם אַלעם, װאָס האָט זי טיף אינטערעסירט און פאַר װעלכע זי האָט געהאַט אַזוי װײניג װערטער.

„איך בין קיין העלדין נישט — האָט זי פיל מאָל געטראַכט פאַר זיך — איך װײס װײניג, האָב װײניג קרעפטן, װײניג פאַרשטאַנד. נאָר איך װעל טון אַלץ, װאָס איך קאָן: ענדיגן און אַרבעטן אין דאָרף“.

באַלד איז איר אויסגעקומען איבערצייגן זיך, אַז זי איז קיין העלדין נישט.

## II

אַמאָל איז פּירלער אַהיים געקומען שפּעט בּאַנאַכט פון טעאַטער זעהר לוסטיג און אויפגערעגט. זי האָט געטראָפן זיצן איהר חברטע, איינגעהילט אין אַ טוך, מיט פאַרשלאָפענע אויגן, ציטערנדיג פאַר קעלט. פּירלער האָט אַרויסגעדרייט די לאָמפּ, אויפגעלאָזט זיך דעם פּאַס פון דער טאַליע און האָט גענומען דערציילן מיט בּאַגייסטערונג וועגן דער אָפּער. איר איז אַ שאָד געווען צעשיירן זיך פון דעם לוסטיגן געמיט, וואָס זי האָט מיט־געבּראַכט פון טעאַטער. אין אירע אויערן האָבּן געקלונגען די טענער, אין קאָפּ האָבּן זיך נאָך געטראָגן הערליכע פאַרבּיגע בּילדער, און דאָ, אין צימער, איז געווען אַזוי טרויעריג, אַזוי טונקל, אַזוי לאַנגווייליג!

— און איך האָב מיך היינט בּאַקענט מיט אַ יונגעמאַן אין טעאַטער — האָט זי דערציילט איר פאַרשלאָפענע חברטע — אַ מאָרנער עפּעס, אַ בּורזשוי מיט אַ גאָלדענעם זייגער און אַ פּראַנט, זאָג איך דיר, און אַ ריצער! ער האָט מיר אָפּגעטראָטן זיין אָרט און געמאַכט מיר קאָמפּלימענטן, אַך, ווי לעכערליך דאָס איז געווען! בּאַטיסטיני האָט אַזוי געטליך געזונגען, און איך בּין מיר געזעסן ווי אַ פּריצה, און דער ריצער איז זיך געשטאַנען אין אַ ווינקעלע.

איר האָט זיך געוואָלט נאָך רייררן און דערציילן, נאָר קראַ־טאָוואַ איז געווען שלעפעריג. פּירלער איז אַנטשוויגן גע־וואָרן און האָט זיך פאַרטראַכט.

עפּעס דורך אַ וואונדערליכן צוזאַמענהאַנג האָט זי זיך דער־מאָנט אָן די אַמאָליגע יאָרן, ווען זי איז געווען אַ גימנאַזיסטקע, פריילעך האָבּן געפלאַקערט און געקנאַקט די שטאָלקאַרצן, דער אָרקעסטער האָט געשפּילט; ווי זי האָט זיך געגליטשט און ווי פריילעך איר איז דערבּיי געווען, און ווי הויך זי האָט געלאַכט, און ווי מען האָט איר שטילערהייט איינגערוימט קאָמפּלימענטן אין אויער... און נאָך פיל, פיל אַנדערע זאַכן האָבּן זיך געטראָגן אין איר אויפגערעגטן קאָפּ.

באַלד זיינען די חברטעס געלעגן אין בעט, וואו זיי זיינען צו־זאַמען געשלאָפן:

— ווייסט, מאַריאַ? — האָט פידלער געוועקט איר חבר־טע — ער איז דאָך אַן אינטעליגענט, אַ דאָקטאָר.

זי האָט זיך גראָד דערמאָנט, אַז פאַרן אַרויסגיין האָט ער איר זיך פאָרגעשטעלט מיטן נאָמען דאָקטאָר ווײַנשטיין.

— ווער רעדן? — האָט קראַטאָוואַ געפרעגט פאַרשלאָפן.

— נו, דער ריצער, וואָס האָט מיר אָפּגעטראָטן זיין אָרט. רו שלאָפסט?

— יאָ, ליבע, מיר ווילט זיך שלאָפן.

אַ דראָזשקע איז דורכגעפאָרן אויף דער גאַס, די שויבן פון די פענכטער האָבן געציטערט. עפּעס האָט מען געקלונגען אין טויער. שאַ! טריט האָבן זיך געהערט... צי קומט מען דאָס ניט אויף אַ רעוויזיע און מען וועט זי אַרעסטירן? —

„וואָס פאַר געראַנקען מיר קריכן עפּעס היינט אין קאָפּ!" — האָט זי זיך געבייזערט אויף זיך.

דער טעאַטער פלעגט זי געוויינליך אויפרעגן. דאָס איז געווען דאָס אומגעוויינליכע, דאָס יום־טובדיגע אין איר לעבן. נאָר היינט איז דערצו צוגעקומען נאָך אַ נייער געפיל: דער יונגערמאַן, די קאָמפּלימענטן, דאָס, וואָס זי איז אַזוי געפעלן...

נאָך אויפן אַנדערן טאָג האָט זי זיך געפילט נישט וואָכעדיג, ניט ווי געוויינליך.

נאָר מאַלע וואָס פאַר אַ חלום עס פליהט נישט דורך אין אַן איינזאַם לעבן און פאַרשווינדט גיך, ווי אַ בליץ! פידלער וואָלט שוין געהאַט פאַרגעסן אָן דער גאַנצער געשיכטע. צופעליג אָבער, גייענדיג אַמאָל נאָך מיטאָג דורך דער גאַס מיט אירע גיכע טריט, האָט זי באַמערקט דעמזעלבן „פראַנט און ריצער", דעם ד"ר ווײַנשטיין. אַ מאַן פון אַ יאָר עטליכע און דרייסיג איז דאָס געווען, מיט אַן אינטעליגענט, אַביסל מאַט פּנים, מיט בלאָנדע ריקע וואָנצעס; אויף ביידע זייטן אויף זיין פּנים, באַם מויל, זיינען געלעגן צוויי טיפע קנייטשן און קליינע קנייטשלאַך האָבן

זיך אויך געזעהן אַרום די גרויסע קלאָרע אויגן. געגאַנגען איז ער פּאַמעליך, קענטיג, ער האָט שפּאַצירט. זיי האָבּן זיך בּיידע ווי אומגערן אָפּגעשטעלט און געשמייכלט. ער איז צופרידן געווען זי צו טרעפן, האָט זי געפרעגט, וואו זי גייט, און בּאַקומענדיג אַן ענטפער, אַז זי גייט אַהיים, האָט ער זי בּאַלייט.

— נאָר איילט אייך נישט. איך האָבּ נישט ליבּ צו לויפן, — האָט ער געזאָגט.

ווי אַלע יונגע מענשן, האָט אויך פ י ר ל ע ר געהאַט פיל צו פרעגן; ד״ר ווײַנשטיין האָט גערן געענטפערט אויף אַלע אירע פראַגעס. זי איז געוואָר געוואָרן פון זיינע רייד, אַז ער איז אַ זון פון זעהר רייכע עלטערן, וואָס וואוינען אויף דער פּראָווינץ אין אַ שטעטל אין קאָוונער גובּערניע; אַז ער אַליין האָט לאַנג געלעבּט אין אויסלאַנד, געענדיגט דאָרט אַלס ד״ר מעדיצין; אַז מיט מעדיצין בּאַשעפטיגט ער זיך ניט און אַז ער לעבּט דערווייל „אַזוי" אין וואַרשע. דאָס וואָרט „אַזוי" האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ האַלבּן שמייכל, אין וועלכן עס איז געלעגן עפּעס אַן אַרט איראָניע פון זיך אַליין. פ י ר ל ע ר האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און האָט געפרעגט:

— וואָס זשע טוט איר דאָ?

— שווער צו זאָגן. גאָרנישט.

— גאָרנישט?

— גאָרנישט. — האָט ער געענטפערט מיט דעמועלבּן שמייכל— צי וואונדערט דאָס אייך? איך בּין רייך, איך מיין צו זאָגן: איך האָבּ רייכע עלטערן. די נויט טרייבּט מיך נישט אַרבּעטן, קיין אינערליכער פאַרלאַנג — אויך נישט. איך בּין אַ בּורזשוי, — האָט ער זיך געוויצלט.

— נאָר דאָס, דוכט זיך, מוז זיין לאַנגווייליג, נישט וואָר?

— אַבּיסל לאַנגווייליג.

אַז זיי זיינען צוגעקומען פאַר איר טויער, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, עפּעס געטראַכט און געזאָגט:

— ווייסט איר וואָס — איך וואָלט מיך געוואָלט מיט אייך עפטער בּאַגעגענען.

— צו וואָס? — האָט זי געפרעגט אַביסל נייגיריג, אַביסל קאָקעט, קוקנדיג אים גלייך אין פּנים אַריין מיט איר אָפענעם אומעטיגן בליק.

— כאָטש צוליב לאַנגווײליגקייט. ניין, אין אמתן — האָט ער געזאָגט מיט אַן ערנסטן טאָן — איך בין דאָ, אין וואַרשע, נאָר פרעמד, כּמעט וואָס איך האָב נישט קיין איינציגן באַקאַנטן אינ־טעליגענטן מענשן, און מיר וואָלט זעהר אַנגענעם געווען צו טרעפן זיך מיט אייך.

וויינשטיין האָט, טראָץ זיין „אומבאַגאַבטער נאַטור" (ער האָט זיך אַליין אַזוי אָנגערופן און געהאַלטן זיך פאַר אַ מענשן, וואָס לעבט אויף דער וועלט אָהן שום נוצן פאַר אַנדערע און אָהן פאַרגעניגן פאַר זיך), געהאַט איין גרויסע מעלה, וואָס האָט אים צייטנווייז געמאַכט זעהר סימפּאַטיש. ער איז פיל מאָל — ווען ער האָט דאָס געוואָלט — געווען ערנסט, קינדיש ערנסט, און אָפנ־האַרציג. רעמאָלט איז זיין טאָן געוואָרן אַנדערש, אָהן איראָניע, און דער אויסדרוק פון זיין פּנים — אַן אַנדערער. די לעצטע ווערטער האָט ער גערערט מיט דעם ערנסטן טאָן, און פידלערן איז עס מיט איין מאָל געפעלן געוואָרן.

— מעגליך, — האָט זי געענטפערט — אויב איר ווילט, קומט אַרויף צו מיר. נאָר, באמת, איך ווייס נישט, צי וועט אייך מיין קוואַרטיר געפעלן. איר זייט דאָך אַ בורזשוי...

— נו, רעדט נישט קיין נאַרישקייטן.

נאָר באַ איר אין שטוב האָט זיך דער געשפּרעך ניט גע־קלעפּט. ער האָט דערציילט פון זיין סטודענטיש לעבן אין אויס־לאַנד, געמאַכט זיך לוסטיג פון דער איינגשאַפט און טונקלקייט פון צימער (ער האָט געפונען, אַז די קרומע ווענט זיינען אינטערע־סאַנטער, ווייל זיי זיינען רייכער אין ליניען און ווינקלען). נאָר די וויצן זיינען נישט געווען אויפן אָרט, און ווי נאָר קראַטאָוואַ איז אָנגעקומען האָט ער זיך געזעגנט און אַרויסגעגאַנגען.

— ווייסט — האָט פידלער דערציילט קראַטאָוואַן — דאָס איז דאָך דערזעלבער דאָקטאָר, מיט וועמען איך האָב מיך באַקענט אין טעאַטער, זעהר אַ אינטערעסאַנטער, אַ געבילדעטער.

— אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער?

— ניין. ער איז, דוכט זיך, גאָרנישט, נאָר פּאָרט אַ אינטע־רעסאַנטער. ער לאַנגווייליגט זיך און זוכט באַקאַנטשאַפט מיט אינטעליגענטע מענשן. וואָס פאַרשטייסטו דאָ נישט?

— צי נאָר נישט קיין שפּיאָן?

— רייד נישט. דו קענסט דאָך אים נישט.

און פּ י ר ל ע ר האָט אָפּגעהאַקט דעם געשפּרעך.

און אין עטליכע טעג אַרום האָט זי באַקומען אַרייַנגעשיקט אַ בילעט אין טעאַטער מיט אַ בריוול פון ד״ר ו ו י י נ ש ט י י ן, וואו ער האָט זי אין קורצע ווערטער געבעטן קומען אָוונטס אין טעאַטער אויף וואַגנערס אַן אָפּער. זי האָט אים שוין באַגעגנט, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן.

— איר זייט זעהר אַ ליבליכער, — האָט זי געזאָגט אַביסל איראָניש, — מיר האָט זיך זעהר געוואָלט גיין אויף וואַגנער, שרעקליך, ווי איך האָב אים ליב! און דעם אמת זאָגנדיג, האָב איך ניט געהאַט קיין געלט. אָט האָט איר געראַטעוועט. אַ דאַנק!

פון דעם גאַנצן מאָנאָלאָג איז דאָס לעצטע וואָרט „אַ דאַנק“ געזאָגט געוואָרן אַזוי נאַטירליך און פרייַ, אַז זיי האָבן זיך ביידע געפילט גוט דערביי.

וואָס פאַר אַ פרייליכער אָוונט דאָס איז געווען! געוויינליך האָט זי אין טעאַטער געהאַט אַ פּלאַץ אויף די אויבערשטע בייַנק, וואו זי האָט געמוזט אַ גאַנצע צייט שטיין און היטן דאָס גלייַכ־געוויכט פון קערפּער, זי זאָל נישט פאַלן. אין אַזאַ פאַזע האָט זי צום ערשטן מאָל באַמערקט ד״ר ו ו י י נ ש ט י י ן. זי איז גע־שטאַנען אויף אַ באַנק, אָנהאַלטנדיג זיך פאַר אַ סלופּ, און איר געבויגענע שלאַנקע פיגור האָט געהאַט גאָר אַ באַזונדערן רייץ. איצט איז זי געזעסן קעגן דער סצענע, פרייַ, אומגעשטערט. אויסער דעם איז איר ו ו י י נ ש ט י י ן איצט פאָרגעקומען נאָך ליבליכער ווי פריהער. ער איז געזעסן רוהיג, עפּעס אַן ערנסט איז געווען אויף זייַן פּנים, און זי האָט דערין צום ערשטן מאָל באַמערקט אַ טיפן אַלטן אומעט, אַן אומעט, וואָס איז צוזאַמענגעוואַקסן מיט דעם מענשן אַזוי, אַז ס'דוכט זיך, דער האָט גאָרנישט אַנדערש געקאָנט באַשאַפן ווערן ווי נאָר מיט אים.

פון טעאַטער זײַנען זײ נאָך געגאַנגען אין אַ קאַפע. פירלער איז געװען, װי געװײנליך נאָכן טעאַטער, לוסטיג־אױפגערעגט, און דאָ איז נאָך געװען אַזױ פיל ליכטיגקײט, אַזױ פיל גלאַנץ...

„װי אַנגענעם דאָס איז צו האָבן געלט"! — האָט זי געטראַכט. אירע אױגן האָבן העל געפינקעלט, איר לײַכטער, רירעװדיגער קערפּער האָט אױסגעזען נאָך פרישער, נאָך גראַציעזער. זי האָט באַמערקט, װי פון אַלע זײַטן װענדן זיך בליקן אױף איר... ד״ר װײַנשטײן, פאַרקערט, איז געזעסן מיט אַ מאַטן בליק, עפּעס װי מיד.

— איר װײסט נישט, װאָס פאַר אַ ספּערע דאָס איז, װאו איך בין אױפגעװאַקסן און לעב — האָט ער פּלוצלינג אָנגעהױבן צו רײדן, אַשטײגער, װי ער װאָלט זיך װעלן פאַרענטפערן פאַר איר, פאַרװאָס ער איז אַזױ טרויעריג און מאַט. — אונזער אידישע בורזשואַזיע — דאָס איז דאָס ערגסטע, װאָס מען קאָן זיך פאָרשטעלן: גראָב, פאַרדאָרבן, גאָטלױז, אָהן געשמאַק, אָהן סטיל, אָהן טראַדיציעס, אָהן צוקונפט... אײן אײנציגער אינטערעס, אײן אײנציגע לעבנס־פאָרם איז פאַראַן — געלט. שטעלט אײַך פאָר: איך האָב פאַרבראַכט אַכט יאָר אין אױסלאַנד, געלעבט זעלבסטשטענדיג, צוגעקוקט זיך צום אַרומיגן לעבן, שטודירט, געלעזן, געטראַכט, זיך אַנטװיקלט, מיט אײן װאָרט, איך האָב געשטרעבט צו װערן דאָס, װאָס מען רופט אַ קולטורעלער מענש. איצט װײַזט זיך אױס, אַז דאָס איז נישט קײן מעלה, נאָר אַ חסרון. װאָס איך האָב אַ דיפּלאָם צו הײלן קראַנקע, — דאָס פאַרשטײט זיך, געפעלט די מײַניגע זעהר, כאָטש קײן שום פּראַקטישע נוצן נישט פאַר מיר, נישט פאַר אַנדערע, קאָן איך פון מײַן דיפּלאָם נישט האָבן. נאָר מײַן פילאָזאָפיע קאָנען זײ נישט לײדן און קוקן אױף מיר, װי אױף אַ שלימזל, אַ נישט־געראָטענעם. זײ געפינען פאַר מיר נאָר אײן רעטונג: חתונה צו האָבן. דאָס איז לעכערליך, נאָר מיר פאַרשאַפט עס עגמת נפש אָהן אױפהער. אַלע מומעס מײַנע האַלטן עס זיך פאַר אַ חוב מיך צו באַגליקן און זוכן פאַר מיר כּלות. מען לאָזט מיך פאַקטיש נישט צורוה. דאָס איז מיר אַזױ איבערדריסיג געװאָרן, אַז איך האָב אױפגעהערט צו פאַרקערן מיט זײ, און עס איז אַרױס אַ סקאַנדאַל. דער טאַטע

איז בײַן, די מאַמע שרײַבט װײַנענדיקע בריװ, די מומעס האָבן אָנגעהױבן צו קומען צו מיר... מיר איז איצט נישט געבליבן קײן אַנדערע עצה, דוכט זיך, װי װידער צו פאָרן קײן אױסלאַנד.

ער האָט געענדיקט זײַן לאַנגען מאָנאָלאָג און האָט געקוקט אױף איר מיט אַ פֿרעגנדיקן אױסדרוק. קענטיק, האָט ער אַלײן נישט פֿאַרשטאַנען, צו װאָס אײגנטליך ער דערצײלט איר דאָס אַלץ.

— װײניק גליקליכע מענטשן זײַנען פֿאַראַן אױף דער װעלט — האָט פֿ י ד ל ע ר אָפּגעזיפֿצט, און זי איז אױך צופֿרידן געװען, װאָס ער האָט געענדיקט, — איך בין מקנא די מענטשן, װאָס נעבן זיך איבער עפּעס אַ ציל און פֿאַרגעסן אָן זיך. זײ איז גוט, זײ האָבן נישט קײן זאָרג, קלערן נישט װעגן זיך, און — אַ סוף.

ד״ר װ ײ נ ש ט ײ ן האָט באַלד געענדערט דעם אומאַנגענעמער נעם געשפּרעך. און זײ האָבן נאָך אַ צײַט לאַנג געפּלױדערט װעגן טעאַטער, װעגן װאַרשע און אַנדערע לײכטע זאַכן. זעהר שפּעט שױן האָט ער זי אָפּגעפֿירט אַהײם, און בײַם געזעגענען איר פֿעסט געדריקט די האַנט.

— איר פֿאָרט באַלד קײן אױסלאַנד? — האָט זי געפֿרעגט.

— נאָך נישט אַזױ גיך, — האָט ער געענטפֿערט. און אַ ליבליכער גוטער שמײכל האָט באַדעקט זײַן טרױעריק מאַט פּנים.

---

III

פֿאַרליבט אין װ ײ נ ש ט ײ נ ע ן איז זי נישט — דאָס האָט פֿ י ד ל ע ר געװאוסט אױף זיכער. פֿונדעסטװעגן האָט זי גאַנץ גערן געהאַט מיט אים זיך זעהן און צוהערן זיך צו זײַנע רײד. אין דער לעצטער צײַט פֿלעגט זי אַפֿילו אַרױפֿקומען צו אים אױף זײַן װאױנונג. אמת, זי האָט זיך לאַנג געװערט קעגן דעם: „װאָס אײגנטליך האָב איך מיט אים געמײנזאַמעס? — האָט זי געטראַכט — צו װאָס נאָך גײן צו אים אַהײם? נײן, דאָס דאַרף

איך נישט טון!" ער האָט זי אָבער עטליכע מאָל געבעטן וועגן דעם, און זי האָט אים נישט געוואָלט באַליידיגן (זי האָט בכלל מורא געהאַט, ווען נאָר זי האָט גערעדט מיט אים, זי זאָל אים עפּעס נישט באַליידיגן מיט אַ וואָרט)...

— ניין, דאָס האָב איך מיר נישט פאָרגעשטעלט. אַן עמאַנ־ציפּירט פרײלין זאָל זיך רעכענען מיט אַזעלכע נאַרישקייטן! וואָס? איר האָט מורא צו קומען צו מיר אַהיים! — האָט ער געזאָגט מיט זיין געוויינליכן גוטן, נאָר קאַלטן שמייכל, און זי האָט אים נישט געהאַט, וואָס צו ענטפערן אויף דעם.

אַמאָל, נאָך מיטאָג, האָבן זיך אָן דער טיר פון ווײנשטײנס וואוינונג געהערט צוויי שטילע קלעפּ, ער איז אויפגעשטאַנען און געעפנט די טיר. פ י ד ל ע ר איז אַרײנגעקומען. ו ו י י נ ש ט י י ן האָט איר פעסט געדריקט די האַנט, און זיין פּנים האָט אויס־געדריקט אַזוי פיל צופרידנקייט, אַז פ י ד ל ע ר האָט עס באַ־מערקט און געשמייכלט.

— לויט די קלעפּ אָן דער טיר האָב איך דערקענט, אַז דאָס זייט איר: אַזעלכע שטילע נישט־אַנטשלאָסענע קלעפּ... האָט ער געזאָגט מיט אַ געלעכטער.

— און איך, הער ו ו י י נ ש ט י י ן, בין געקומען נאָר אויף אַ מינוט. איך וויל נעמען באַ אייך עפּעס צו לעזן, — האָט זי געזאָגט.

— נו, אויף אַ מינוט, אויף אַ מינוט... זעצט אייך דערווייל.

זי האָט באמת געהאַט אין זין נישט לאַנג צו בלייבן באַ אים. זי האָט נישט געוואוסט, וואָס זי זאָל מיט אים ריידן און בכלל, ווי צו פאַרהאַלטן זיך צו אים, און האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ס'וועט זיין אומהיימיש, ווי דעמאָלט, ווען ער איז געזעסן באַ איר. זי האָט אָבער געהאַט אַ טעות. פאַרקערט: זי האָט זיך געפילט זעהר גוט און פריי אין דעם גרויסן, ליכטיגן, מיט געשמאַק מעבלירטן צימער (ו ו י י נ ש ט י י ן האָט באַוואוינט אַ קאַבינעט און אַ שלאָפצימער). ער אַליין האָט אויך אין דערהיים אויס־געזעהן פרישער און יונגער. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ געוויינליכער אַרבעטס־קורטקע. די האָר זיינע זיינען געווען אַביסל

נישט אין אָרדענונג, אַזוי פיל נישט אין אָרדענונג, וויפיל דאָס פּאַסט פאַר אַ באַשעפטיגטן מענטשן. אויפן טיש זײַנען געלעגן ביכער אין עטליכע שפּראַכן, טייל אויפגעשניטענע, טייל נאָך נישט נערירט; אילוסטראַציעס, זשורנאַלן, בילדער. ער האָט איר דאָס אַלץ געוויזן און דערקלערט, און זי האָט געזאָגט: „זעהר אינטערעסאַנט, זעהר אינטערעסאַנט". און איז צופרידן געווען, וואָס זי האָט נישט קיין טעות געהאַט אין אים, וואָס ער איז טאַקע אַן אינטעליגענט.

— דאָס האָט איר אויך! זעה נאַר! — האָט זי געזאָגט, אָנווײַזנדיג אויף אַ ווינשטול, וואָס איז געשטאַנען אין צימער, און האָט זיך דאָרט געזעצט.

— אַן אַנטיק, גרויסאַרטיג! — האָט זי געזאָגט, שאָקלענדיג זיך פּאַמעליך מיט דעם שטול. דאָס איז איר געפעלן, און זי האָט זיך געפרייט דערמיט, ווי אַ קינד. ער איז געשטאַנען נעבן איר און איז געווען אַנטציקט פון דעם ליבליכן יונגען באַשעפעניש, פאַר וועמען אין לעבן איז נאָך געווען אַזוי פיל פאַרגעניגן, אַזוי פיל זאַכן, וואָס קאָנען לוסטיג מאַכן.

נאָר פּלוצלינג, ווי זי וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, איז זי אויפגעשטאַנען און האָט געמאַכט אַן ערנסט געזיכט. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט זיך שוין צופיל דערלויבט: „וואָס אייגנטליך טו איך דאָ בײַ אים?" — האָט זי זיך געפרעגט און האָט נישט געפונען קיין ענטפער:

— נו, צייט צו גיין, בלייבט געזונט — האָט זי געזאָגט, און ער האָט זי נישט געפּרובט אויפצוהאַלטן. אין דעם אויסדרוק פון איר פּנים און אין ערנסטן טאָן איז געלעגן עפּעס ניט גינסטיגס פאַר אים.

— נו, בלייבט געזונט. זעהט, איך האַלט אייך נישט אויף. נאָר איר מוזט צוזאָגן ווידער צו קומען. איר וועט קומען?

— מיר וועלן זעהן, — האָט זי געענטפערט קאַלט.

— ניין. זאָגט צו, איר וועט קומען.

ווידער האָט פ י ד ל ע ר מורא געהאַט, זי זאָל אים נישט באַליידיגן און האָט צוגעזאָגט.

און אין די באַזוכן באַ אים זיינען געווען פיל פרייע גוטע מינוטן; עס זיינען אָבער אויך געווען לאַנגוויילינגע שווערע מאָמענטן, ווען דער שמועס האָט זיך נישט געקלעפּט, און צווישן זיי האָט זיך גע־פילט דער גאַנצער אָפּגרונט פון אַנטוויקלונג, עלטער און שטאַנד, וואָס איז געלעגן צווישן זיי.

איינמאָל איז איר געווען גאָר לוסטיג באַ אים. זי איז געזעסן אויף דעם ווינשטול און זיך געוויגט, און ער האָט דערציילט זעהר אַ לעכערליכע געשיכטע:

— איך האָב דאָ אַ שוועגערן, דאָס איז די געבילדעטע אין אונזער משפחה. און אין אמתן: זי איז אַמאָל געווען אויף קורסן, פאַרשטאַנען עטליכע שפּראַכן און זיך אינטערעסירט מיט פיל זאַכן. וואָס איצט איז געוואָרן פון איר, דאָס איז אַן אַנדערע פראַגע. סיי ווי סיי האָט זי פּרעטענזיעס אויף בילדונג און איז דערצו אַ שיינע פרוי. בקיצור: די גאַנצע האָפענונג האָט מען אַרויפגעלעגט אויף איר. זי מוז מיך מאַכן פאַר אַ מענשן, און אַ מענש מאַכן הייסט: שאַפן מיר אַ כלה מיט אַ גרויסן נדן.

— אייך שרכענט מען דאָך שרוכים, — האָט פירלער געלאַכט, אין שטוב איז גראָד געווען וואַרעם און באַקוועם, פון דרויסן האָט אַרייננעקוקט די ווינטערדיגע זון, און איר איז גאָר פרייליך געווען אויפן האַרצן.

— טאָ הערט און לאַכט נישט. פאַר עטליכע טעג זאָגט זי מיר מיט גאָר אַן ערנסטער מינע, איך זאָל צו מאָרגנס באַנאַכט קומען צו איר אויף טיי. „קום אין סוררוט"— האָט זי מיר איינ־גערוימט שטיל אין אויער — „עס וועלן זיין געסט". פאַרשטייט זיך, איך בין געקומען — אָט אין דער זעלבער קורטקע, און שטעלט אייך פאָר אַ סצענע: באַם טיש זיינען געזעסן אַן עלטערע פרוי און אַ מיידל, קענטיג, איר טאָכטער, מיין צוקינפטיגע כלה, הייסט עס, און מיין שוועגערן סאָניע. די לעצטע, דערוועהענדיג מיך אַזוי געקליידעט, איז אַביסל צעמישט געוואָרן. זי איז אָבער אַ געשיקטע פרוי, אַ כוואַט, זי האָט זיך געפּרובט צו פאַרגלעטן די געשיכטע. „מיר האָבן דיך גאָרנישט ערוואַרט היינט", האָט זי געזאָגט צו מיר און געווענדעט זיך צום מיידל אויף פראַנצויזיש און מיך פאָרגעשטעלט. דאָס אָרימע באַשעפעניש איז רויט געוואָרן

ביז איבער די אויערן, און איך, שטעלט אייך פאָר, האָב אָנגעהויבן אַ געשפּרעך — אויף אידיש! איר וואָלט געזעהן, וואָס פאַר אַ שרעקליכן בליק מיין שוועגערן האָט אויף מיר געוואָרפן. איך האָב מורא, איר וועט זיך מער נישט גלוסטן צו שרכענען מיר שידוכים.

— נייט, איר זייט אַ בייזער, — האָט פּידלער געזאָגט און דערביי אַזוי הויך געלאַכט, אַז זי האָט איר שטים נישט דערקענט.

זי איז היינט געווען נאָר באַזונדער ליבליך, פריש, קינדריש־לוסטיג. דער באַזונדערער רייץ פון איר פיגור, וואָס איז ווייגשטיינען אַזוי געפאַלן אין די אויגן, ווען ער האָט זי געזעהן דאָס ערשטע מאָל אין טעאַטער, האָט צוגעצויגן, גערופן זי אַרומצונעמען און צו ליבקאָזן...

— לאָזט, איך וועל אייך ווינן, — האָט ער געזאָגט און גענומען שאָקלען דעם שטול.

נאָר דאָס איז געווען צופיל, איבערגעכאַפּט די מאָס. זי האָט אים שטרייננ אָנגעקוקט, און אין אירע אויגן איז שוין מער נישט געווען דער אָפּגלאַנץ פון קינדערשער לוסטיגקייט. ווידער האָט ער געפונען אין איר בליק דאָס נישט־גינסטיגע פאַר אים. באַלד איז זי אויפגעשטאַנען, געזעגנט זיך מיט אים קאַלט און אַוועקגעגאַנגען.

אין איר קאָפּ איז געווען אַ מישמאַש פון געפילן און געדאַנקען. פריהער פאַר אַלץ האָט זי זיך נישט געקאָנט פאַרענטפערן די פראַגע: צו וואָס, צו וועלכן צוועק און וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס, וואָס זי נייט אַרויף צו אים. ער איז נישט אירם גלייכן און לאַכט אפשר נאָר פון איר. און ווען זי האָט אַזוי געקלערט און דערמאָנט זיך אָן זיין מאַט פּנים און קאַלטן שמייכל, אַ שמייכל פון אַ מענשן, וואָס האָט שוין געגאָסן אויף דער וועלט פון ליבע און גליק, האָט זי געפילט, ווי עפּעס אַ האַס דערוואַכט אין איר האַרץ צו אים, צו זיין קאַלטן שמייכל.

„ער איז אויך נישט שיין", — האָט זי געגערעדט צו זיך, פונקט ווי זי וואָלט זיך דערמיט וועלן נוקם זיין אין דעם מענשן, וואָס קאָן קאַלט שמייכלען איבער געפילן, וועלכע האָבן נישט איינמאָל

באַפאַלן איר יונגע ברוסט ווי אַ שטורעם און פאַרכאַפּט איר רעם אָטעם.

נאָר דאָס איינגע צימערל אין דערהיים איז געוואָרן נאָך איינגער, נאָך לאַנגווייליגער, און די האַרציגע פריינטשאַפט מיט איר חברטע קראַטאָוואַ — עפּעס שוואַכער. אין דעם צימער איז, אויסער זיי ביידע, געווען דער נישט אויסגעזאָגטער סוד, פידלערס אומרוהיגער געוויסן.

— דו וואָלסט געקאָנט חתונה האָבן מיט אַ מענשן, וואָס דו האָסט נישט ליב? — האָט זי אַמאָל געפרעגט גלאַט אַזוי איר חברטע.

— וואָס רעדסט דו, נאַר! ווער וואָלט דען געקאָנט?

— און איך וואָלט אויך נישט געקאָנט, — האָט פידלער געזאָגט שטיל, ווי מיט דעם איינענעם האַרץ ריידנדיג, און אין אַ ווײַלע אַרום ווייטער געפרעגט:

— ווי מיינסט דו: מען קאָן ליב האָבן אַ מאַנספּאַרשוין, וואָס האָט שוין פיל, פיל מאָל ליב געהאַט, וואָס האָט שוין געהאַט פיל פרויען?

— טפוי! דאָס איז מיאוס! — האָט קראַטאָוואַ געענטפערט.

— מיר געפעלן אויך נישט אַזעלכע, — האָט פידלער געזאָגט און זיך פאַרטראַכט, דערמאָנענדיג זיך ווײַנשטיינס געזיכט מיט אַלע קלייניגקייטן.

ד״ר ווײַנשטיין האָט אין דעם זעלבן טאָג, ווען זי איז געזעסן בײַ אים, און ער האָט איר דערציילט די געשיכטע מיט דעם שרוך, געשריבן זיין פריינט אין בערלין אַ לאַנגען בריוו. מיט דעם דאָזיגן פריינט, אַ קרייזקליכער אָרימער אידישער מאָלער, האָט זיך ווײַנשטיין געפילט גאַנץ נאָהענט. ער האָט אים געשריבן פיל פון זיין לאַגע און דערמאָנט אויך וועגן פידלער:

„פאַר לאַנגווייליגקייט — האָט ער געשריבן — האָב איך מיך דאָ באַקענט מיט אַ קורסיסטקע, אַ אידיש מיידל, אַ רעוואָלוציאָנערין. אַ ליבליך באַשעפעניש: גראַציעז, קלוג און וואַרהאַפטיג ביז נאַר. דער עיקר — יונג, יונג. אַלץ קומט בײַ איר גוט אַרויס, אַפילו ווען זי רעדט שאַבלאָנע פראַזן. זי ענדיגט דאָ די פעלד־

שערסקע קורסן און וויל פאָרן אין דאָרף צו היילן רוסישע פּויערים און צו מאַכן זיי פאַר רעוואָלוציאָנערן. אַז איך לאַך פון איר, בייזערט זי זיך, רעדט פיל נאַרישקייטן און איז דערביי ליבליך, ווי דו קאָנסט דיר נאָר פאָרשטעלן".

„האָב נישט קיין טעות: פאַרליבט בין איך נישט; נאָר דאָס איז וואָר: אויב שוין יאָ חתונה צו האָבן, וואָלט איך פון רוסיש־אידישע בורזשואַזע ספערן קיין מיידל נישט גענומען. איך קוק טיילמאָל אויף איר און טראַכט: אויב האָבן אַ קינד, נאָר פון אַזעלכער".

„און דאָך, צי גלויבסט דו מיר — פאַראַן מינוטן, ווען איך קוק אויף איר און ווער איבערגעשראָקן: איך פיל מיך, ווי אַ חיה, וואָס באַפאַלט צו רויבן. איך ווייס נישט, ווי מען זאָגט עס דיר, נאָר איך בין שוין אַלט פיר און דרייסיג יאָר, דאָס האַרץ איז קאַלט, און דאָ איז אַ יונג פריש מיידל, מיט איר גאַנצן יונגטליכן גלויבן, מיט אירע אַלע האָפענונגען. דאָס אַלץ קאָן מיר גע־הערן, ווייל... ווייל איך בין רייך. נידעריג, נאַריש, אוממענשליך— נישט וואָר"?

„נו, וואָלט זי מיך כאָטש געליבט, איז עפּעס אַנדערש. נאָר ליבן ליבט זי מיך נישט. דאָס פיל איך אין אירע רייד, אין איר בליק. און — אפשר האָב איך אַ טעות"?

„וואָס קאָן אַ צעבראָכענער אידישער בורזשוי, ווי איך, האָבן מער ווי ספקות"!

„איבעריגנס — אַלטע לידער. און פּ י ר ל ע ר — דאָס איז איר נאָמען — איז אַ ליבליך שיין באַשעפעניש. איך בייַנק יעצט נאָך איר"...

---

## IV

— דערציייל קיין מעשיות נישט, אַלעקסאַנדער. איך ווייס, איך ווייס, וואָס דאָס הייסט, „איך וויל נישט חתונה האָבן". וואָס איז דאָ צו באַהאַלטן? זאָג מיר, איך בעט דיך: ווען וועל איך

האָבן די ערע צו באַקענען זיך מיט רײנער?... ניין, אין אמתן, דו װעסט מיך מיט איר באַקענען?

אַזוי האָט גערעדט מאַראַם ס אָ נ י ע, ד״ר אַלעקסאַנדער װײַנשטײנס שװעגערן, אַ שײנע, נאָך יונגע דאַמע, אַ ברונעטקע מיט העל־בלישטשענדיגע אויגן און מיט אַ טיפּיש אידיש געזיכט. כאָטש זי איז געזעסן בײַ זיך אין דערהײם, און אין צימער איז קײנער נישט געװען, אויסער איר שװאָגער, איז זי פאָרט געװען אָנגעטאָן מיט געשמאַק און מיט אַביסל קאָקעטעריי. די בלוזע איז געװען געניגוג אויסגעשניטן, אויפן האַלז האָט זי געטראָגן אַ שמאָלן רויטן בענד, פון די אויערן האָבן געפינקעלט בריליאַנטן, און אויף די פינגער האָבן געבלישטשעט עטליכע פינגערלאַך. זי האָט אָפט געשמײכלט, אַראָפּגעלאָזט די אונטערשטע ליפּ און געװיזן אירע געזונטע װײַסע צײן.

— װאָס פאַלט סאָניען אײַן? װער האָט דאָס געזאָגט? — האָט ד״ר װײַנשטײן פּראָטעסטירט.

— איך בעט דיך, אַלעקסאַנדער, מאַך נישט חוזק פון מיר. איך בין דאָך דיר נישט קײן פרעמדע. איך װיל קענען מײן צוקינפ־טיגע שװעגערן. װאָס? דו שעמסט דיך, אָדער האָסט מורא, מען זאָל דיר נישט שטערן? ניין! דו מוזט מיך מיט איר באַקענען. דו מוזט! דו מוזט!

זי האָט צװיי מאָל געקלאַפּט אויפן טיש מיט איר קלײנער האַנט, האָט געשמײכלט און געװיזן אירע צײן.

ד״ר װ י י נ ש ט י י ן האָט נישט געענטפערט, ער האָט געקוקט אויף איר קלײנער פולער האַנט און געפרעגט:

— אַ! ס אָ נ י ע האָט אַ ניי פינגערל? װיז נאָר.

זי איז געװען מיט אים אויף דו. ער אָבער האָט זי װעלטן נאָר געדוצט און גערעדט געװײנליך נישט אויף דו, נישט אויף איר.

זי האָט דערנעהענטערט צו אים די האַנט און האָט אויסגע־שטרעקט איר רונדן, שײן־אויסגעפּילטן װײַבערישן פינגער, פון װעלכן עס האָט אַראָפּגעפינקעלט אַ העלער שטײן.

— פונקט װי אַ פרעמדער פאַרהאַלסט דו דיך צו אונז. װײסט נישט, אַז יעפים (איר מאַן) האָט געװאונען דעם סור מיט פּרשעפּ־יורקע, זיבן טויזנט אַכט הונדערט רובל מיט קאָסטן. דאָס האָט

ער מיר צוגעזאָגט צו קויפן, אויב ער וועט געווינען. דיך אינטערע־סירט גאָרנישט, וואָס בײַ אונז אין הויז טוט זיך. אַ שיינער ברודער!

— זעהסט דאָך, איך אינטערעסיר מיך — האָט ער זיך געוויצלט, אַרויפרוקנדיג איר צוריק אויפן פינגער דאָס נייע פינ־גערל — אָט האָב איך באַמערקט בײַ סאָניען אַ נײַ פינגערל. וויפיל פינגערלאַך האָסט דו שוין? לאָז נאָר ציילן, רוכט זיך, אין גיכן וועט זיין מער פינגערלאַך, ווי פינגער.

— הער אויף, אַלעקסאַנדער. איך ווייס, דו ביסט אַ געבוי־רענער סאָציאַליסט, און „ריינע" איז אויך אַ סאָציאַליסטין. איך ווייס אַלץ, אַלץ!

— צו וואָס זשע פרעגן, אויב מען ווייסט אַלץ? — האָט ווײַנ־שטיין באַמערקט אין אַ בייזן טאָן.

זי האָט פלוצלינג אָנגעהויבן צו לאַכן קאָקעטיש.

— אַרויסגעקראָכן מיטן כּעס! — האָט זי גערעדט — דו מיינסט: ס'זיינען פאַראַן סודות. אַלע ווייסן דאָס שוין, און וואו איך גיי און שטיי, פרעגט מען מיך אַלץ דעריבער.

ד"ר ווײַנשטיין האָט זיך נאָר געוואונדערט. ער האָט לגמרי נישט געהאַט קיין באַקאַנטע הייזער אין וואַרשע און האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פון וואַנען עס נעמען זיך די גערוי־דערייען וועגן אים.

— ווער זיינען דאָס די „אַלע"? — האָט ער גערעדט הויך און שטרייננג — און ווער האָט דאָס דיר דערציילט אַזאַ געשיכטע? ווער זאָרגט דאָס פאַר מיר? דוכט זיך, איך קען דאָ קיינעם נישט, אויסער דיך און מיין ברודער.

— מאַלע וואָס דו קענסט נישט. דיך קען מען, — האָט סאָניע געענטפערט אויך מיט אַן ערנסטן טאָן, און זי האָט אים אָנגערופן עטליכע הייזער, וואו מען האָט פון אים גערעדט און וואו מען האָט איר געזאָגט, ווי אַ געוויסע זאַך, אַז ער, ד"ר ווײַנשטיין, האָט אַ כּלה. ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן געגוג, פון וואַנען זי ווייסט דאָס מיט אַזאַ גענויקייט, ווי זי זעהט אויס, אַז זי איז אַ קורסיסטקע, אַ רעוואָלוציאָנערין. זי האָט אַפילו געוואוסט די טעג, ווען זי איז מיט אים געווען אין

פילהאַרמאָניע, ווען אין טעאַטער, ווי און וואו ער איז געגאַנגען מיט איר.

— נו, נו! — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ — איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז איך בין דאָ אַזוי פּאָפּולער. דאָס מוז מען מורה זיין: שפּיאָנעווען שפּיאָנעוועט מען דאָ אויסגעצייכנט, איך וואָלט מיר דאָס נישט פאָרגעשטעלט.

עס איז געוואָרן אַ ווײַלע שטיל. סאָניע האָט אויף אים געקוקט מיט אַ שעלמישן שמייכל, ווי זי וואָלט זאָגן: „מורה געווען האָסטו זיך שוין, באַלד וועסטו די רעשט דערציילן".

— ניין, שוועגערן, — האָט ד"ר ווײַנשטיין זיך אָנגערופן — גלויב נישט אָן די ריידערייען. איך האָב נישט קיין כּלה. און וואָס אָנבאַלאַנגט יענער פּערזאָן, איז זי באמת זעהר אַ סימפּאַטיש מיידל, מיינע אַ גוטע באַקאַנטע, און מיר איז אינטע־רעסאַנט מיט איר צו ריידן.

— דו לייגסט, אַלעקסאַנדער! — האָט זי אים געגראָזעט מיט איר שיינעם פינגער, — דו לייגסט! זעה!

— מיין ערליך וואָרט, דאָ איז קיין שום ערנסט נישט דאָ. נאָר ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם ערליך וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן. קיין ערנסט נישט? האָט ער זיך געפרעגט. ער האָט זיך עפּעס פאַרטראַכט און געקנייטשט דעם שטערן.

אים איז געקומען אַזאַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין: ער האָט געוואוסט, אַז פּירלער קוועלט זיך אין געלט. נאָר ער האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט, איר פּאָרצולייגן געלט, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויף וואָס פאַר אַן אופן ער זאָל דאָס נישט טון, וועט זי זיך באַליידיגן. זי האָט אים נאָר אַמאָל געזאָגט, אַז זי זוכט לעקציעס, און אַט האָט ער איצט געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט און פרעגן סאָניען וועגן אַ לעקציע.

— איבעריגנס, — האָט ער געזאָגט, — אויב סאָניע וויל, קאָן זי זיך מיט איר באַקענען. דאָס דאָזיגע מיידל זוכט לעקציעס. אפשר ווייסט דו?

— אָט זעהסט דו, דאָס איז אמת גוט — האָט זיך סאָניע דערפריייט, — איך האָב געוואָלט צונעמען אַ לערערן אויף רוסיש פאַר מיין באָריסן...

„דו האָסט ביז אַהער גאָרנישט געוואָלט" — האָט ד"ר ווײַנ־שטײַן געטראַכט, נאָר ער האָט דאָס נישט געזאָגט.

אין שטוב איז אַרײַנגעקומען יעפּים, ד"ר ווײַנשטײַנס ברודער. דאָס איז געווען אַ הויך־געוואַקסענער און פולער מאַן פון אַ יאָר פערציג, מיט קלײנע אויגן אונטער אַ פּאָר גאָלדענע ברילן און מיט אַ האַלב־קאַלן קאָפּ. ער איז געווען ראַזירט, נאָר דעם סאַמען שפּיץ פון דער געמבע האָט ער געלאָזט באַוואַקסן מיט נידעריגע האָר. געווײס האָט אים פאַרשאַפט אַ פאַרגעניגן צו בערשטן מיט די האָר זײַנע פינגער, בשעת דער קאָפּ זײַנער איז געווען אָנגעשטרײַנגט. ער איז אַרײַנגעקומען, ווי געוויינליך, שטי־לערהייט, אומבאַמערקט, נישט באַגריסט קײנעם, געזעצט זיך באַם טיש און גענומען לעזן אַ צײַטונג. די צײַטונג איז פאַר אים געווען אַן אַרט אָפּרוהען פון זײַנע געשעפטן, פון די גערײַנקען וועגן קויפן, פאַרקויפן, וועקסלען, טערמינען און שפּעקולאַציעס, וואָס האָבן זיך נישט אויפגעהערט צו דרײען אין זײַן קאָפּ גאָר אָהן זײַן וויסן.

— ווילסט עסן? — האָט סאָניע געפרעגט.

— נאָך נישט, — האָט ער געענטפערט שטיל. ער האָט אַוועק־געלעגט די צײַטונג, און קענטיג, ערשט איצט באַמערקט זײַן ברודער.

— אויב דו וועסט פאָרן קיין אויסלאַנד, זאָג מיר. איך וועל דיר שאַפן אַ פּאַס ביליג. איך האָב באַקאַנטשאַפט, — האָט ער זיך געווענדט צו אַלעקסאַנדערן.

— ער פאָרט נאָך נישט אַזוי גיך, — האָט סאָניע געזאָגט און שמייכלענדיג געקוקט אויף איר שוואָגער.

יעפּים האָט גאָרנישט געענטפערט און צוריקגענומען די צײַטונג. נאָר סאָניע האָט אים אַרויסגענומען די צײַטונג פון דער האַנט און געזאָגט:

— ער קומט אויף אַ מינוט אַהײם, קאָן ער זיך נישט נעמען קײן צײַט צו רײדן אַ וואָרט.

יעפּים האָט שוין דערקענט אין איר טאָן, אַז זי האָט עפּעס צו בעטן, און האָט זיך צוגעגרײט דערצו. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַרײַנגעלאָזט די פינגער אין די שטעכעדיגע האָר פון

דער באַוואַקסענער געמכבע און געפּרענגט מיט אַ לאַכעריגער מינע:
— וואָס ווילסט דו, נשמה מיינע?

— איך וויל, דו זאָלסט ריידן מיט מיר, — האָט זי געזאָגט מיט אַ פישטשעריג קול — איך וויל צונעמען אַ לערערן אויף רוסיש פאַר באָריסן.

— נו, וואו איז ער דען? ער שלאָפט שוין?

סאָניע איז אַריינגעגאַנגען אין דער צווייטער שטוב, און אין אַ מינוט אַרום איז זי צוריקגעקומען, פירנדיג פאַר דער האַנט באָריסן, אַ זיבן־יאָריגן שיינעם בלאָנדרן יונג מיט פולע באַקן און אַ געשווירענעם קאָפּ, האַלב שוין אויסגעטאָן. ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער מוטערס האַנט און זעהר דערפרייט, וואָס מען האָט אים באַפרייט נאָך נישט צו גיין שלאָפן, איז ער צוגעגאַנגען מיט דרייסטע טריט צו זיין פאָטער און געקושט אים די האַנט.

— ראָברי וויעטשאָר — האָט ער געזאָגט אויף פויליש. אין הויז האָט מען, זינט די קינדער זיינען אויפגעוואַקסן, געהערט צייטנווייז, אויסער דער רוסישער, אויך די פוילישע שפּראַך.

דער פאָטער האָט אים גענומען אויפן שויס און געגלעט אים דעם קאָפּ:

— דערציייל עפּעס, באָריס, ווי גייט עס?

— גוט, — האָט דער קליינער געזאָגט מיט אַ פּראַקטישן טאָן און געשאָקלט מיטן קאָפּ, — פרייליין האָט מיר היינט געגעבן אַ פיר.

— מיר ווילן דיר נעמען אַ נייע לערערן אויף רוסיש — ווילסט? — האָט סאָניע געזאָגט.

— איך וויל. נאָר זאָל די מאַמע אַזוי גוט זיין איר זאָגן, זי זאָל מיר נישט אויפגעבן קיין גרויסע לעקציעס. איך האָב נישט קיין צייט, — האָט דער קליינער געזאָגט מיט דעם זעלבן פּראַקטישן טאָן.

אַלע האָבן געלאַכט, אויסער באָריסן, וואָס האָט נאָר פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געזאָגט עפּעס קלוגס, און האָט נישט געוואוסט, וואָס מען לאַכט.

מען האָט געגרייט צום טיש. אין טיר האָט זיך באַוויזן די גובערנאַנטקע, אַן אַלט רייטשעס פריילין מיט אַ בלאַס וועלק געזיכט, און האָט גערופן:

— באָריס, שלאָפן!

נאָר באָריסן האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן די געזעל־שאַפט. אַלעקסאַנדער האָט זיך אָנגענומען פאַר אים:

— נו, לאָזט אים, — האָט ער געזאָגט — אַ וואוילער יונג, ער וועט אויפוואַקסן אַ לייט, אַ טיכטיגער סוחר אָדער אַן אַדוואָקאַט; אויף יעדן פאַל — נישט קיין פילאָזאָף.

סאָניע האָט אים גענומען צו זיך, און מען האָט גענומען עסן. באָריס האָט זיך באַלד אָנגעלענט מיטן קאָפ אויף איר ברוסט, די אויגן זיינען אים צוגעפאַלן, ער האָט מער נישט געקאָנט ווידערשטיין דעם שלאָף, און איז אויך באַלד איינגע־שלאָפן. די מוטער האָט אים געהאַלטן אויף זיך, איינגעקוקט זיך אין זיין שלאָפנדיג געזיכט, און אויף איר פנים איז געלעגן אַ גליקליכער צופרידענער אויסדרוק פון אַ מוטער־געפיל. זי איז איצט געווען סימפאַטישער, שענער און וואָרהאַפטיגער, און אַלעקסאַנדער האָט אין איר דערקענט די אַמאָליגע סאָניע, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל געזעהן, ווען זי האָט באַלד נאָך דער חתונה שפּאַצירט מיט איר מאַן אין אויסלאַנד, און וואָס האָט אויף אים דעמאָלט געמאַכט אַזאַ ליבליכן איינדרוק.

אַזאַ קינד צו האָבן, עס זאָל אָט אַזוי איינשלאָפן אויף דער מוטערס ברוסט, וואָלט נישט געשאַדט — האָט ער געטראַכט, און האָט זיך דערמאָנט זיינע ווערטער אין בריוו צו זיין פריינט: „אויב האָבן אַ קינד, נאָר פון איר".

— זאָל דאָס פריילין קומען? — האָט ער געפרעגט סאָניען.

— געוויס, געוויס, — האָט זי געענטפערט מיט אַ שמייכל.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז ער שוין געווען אויף דער גאַס. עס איז געווען אַ לויטערע, פראָסטיגע ווינטער־נאַכט קעגן נייַן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַרויסגייענדיג פון טויער, און זיך אומגעקוקט: וואו גייט מען?

ער איז געוויינט געווען שפּעט צו גיין שלאָפן. אַהיים גיין איצט אויף זיין איינזאַמער וואוינונג און לעזן האָט זיך אים נישט

גענגלוסט, אין טעאַטער איז שוין געווען צו שפּעט. ער האָט זיך געלאָזט גיין מיט דער מאַסע מענטשן, וואָס האָט זיך נאָך באַוועגט אויף דער גאַס, ווי גוט וואָלט דאָס געווען, אַז ער וואָלט זי איצט צופעליג געטראָפן אויף דער גאַס! נאָר ער האָט זי נישט גע־טראָפן. ער האָט זיך נאָך אַרומגעשלעפּט אַ שעה צוויי, אַריינ־געגאַנגען אין אַ קאַפע און אַהיים געגאַנגען שלאָפן מיט אַן אומצופרידענעם געמיט.

„צו וואָס האָט דאָס געהערט צו שאַפן איר די לעקציע בּאַ דער שוועגערן? — האָט ער געטראַכט — זי דאַרף אייגנטליך קיין לעקציע נישט און טוט דאָס נאָר צוליבּ איר נייגיריגקייט. פידלער וואָלט זיך געוויס געפילט טיף בּאַליידיגט, ווען זי זאָל וויסן, אַז איך פיר זי אַריין צו וויזן זי"...

„שטענדיג אַזוי, — האָט ער ווייטער געטראַכט — קיינמאָל קאָן איך נישט געפינען קיין גלייכן וועג, שטענדיגע קליינליכקייטן, שטענדיגע האַלבּקייטן, אָהן קראַפט, אָהן מוט... נידעריג, מאוס!"

אַזעלכע און ענליכע געדאַנקען האָט אים אַיינגערוימט זיין איינזאַמקייט. און אַרויפוואַרפנדיג די גאַנצע שולד פאַר זיין צע־בּראָכנקייט אויף זיין אידישער אָפּשטאַמונג, האָט ער זיך, ווי גע־וויינליך, בּאַרוהיגט:

— אַ נידעריגע ראַסע! — האָט ער געזידלט.

צו מאָרגנס, בּאַלד אין דערפריה, האָט ער אַוועקגעשיקט אַ צעטל צו פידלער, וואו ער האָט זי אָנגערופן צום ערשטן מאָל „ליבּע ליובּאַ", נישט ווי בּיז אַהער „זעהר געערטע פידלער".

„זייט אַזוי גוט און גייט אַריין אויף מאַרשאַלקאָווסקע נומ'... דאָרט איז פאַר אייך אַ לעקציע. זעהט איר, איך פאַרגעס אָן אייך נישט? קומט אומבּאַדינגט. איך בּיינק נאָך אייך. אייער

ד"ר א. ווײַנשטיין.

און אין עטליכע טעג אַרום איז פידלער געגאַנגען פּינקטליך יעדן טאָג איינס דעם זייגער צו די ווײַנשטיינס אויף איר שטונדע, און אַרויסגייענדיג פון צימער, וואו זי האָט געלערנט מיט דעם קליינעם בּאָריסן, האָט זי געוויינליך געטראָפן ד"ר ווײַנשטיינען, וואָס האָט אויף איר געוואַרט.

---

## V

פידלער האָט דעם גאַנצן ווינטער געלעבט צווישן צוויי וועלטן. פון איין זייט זיינען געווען: אירע חברטעס, איר גרופּע, אירע לעקציעס, דער שפּיטאָל, דער איינגער צימער; פון דער צווייטער זייט ד״ר ווײַנשטיין, זיין שוועגערן, דער קליינער באָריס, טעאַטער און קאַפעען; אויף איין זייט איז געלעגן איר קלאָרער ציל: ענדיגן און באַזעצן זיך אין דאָרף; אויף דער אַנ־דערער זייט — אַ טונקעלע ערוואַרטונג. צווישן די צוויי וועלטן און קיין אויסוועג האָט זי אויך נישט געפונען. זי האָט שטיל איז קיין האַרמאָניע נישט געווען און האָט נישט געקאָנט זיין, געליטן און איז געווען אומרוהיג.

„בעסער שוין גאַרנישט טראַכטן״ — האָט זי באַשלאָסן, נאָר די געדאַנקען האָבן זיך געטראָגן אין קאָפּ אָהן איר וויסן, קעגן איר ווילן.

זי האָט געפילט, אַז דורכגייענדיג עטליכע גאַסן און אַריינ־קומענדיג צו די ווײַנשטיינס, ווערט זי אַן אַנדערע — רעדט אַנדערש, לאַכט אַנדערש, און אַפילו טראַכטן טראַכט זי דאָרט אַנדערש, נאָר אַנדערע געדאַנקען טראָגן זיך אין איר קאָפּ, און נאָר אַנדערע ווערטער קומען איר אויף דער צונג. באַ איר אין צימער, אין שפּיטאָל, צווישן אירע באַקאַנטע, איז זי ווידער אַן אַנדערע.

יאָ! נישט נאָר זי אַליין האָט דאָס באַמערקט אין זיך; עס האָבן דאָס אויך באַמערקט אירע חברטעס און האָבן זיך שטיל געסודעט וועגן איר. וואָלט זיך איצט איינע פון אירע באַקאַנטע אָנגערופן ווי אַמאָל: „פידלער כאַראָשי טשורני טשעלאָוויעק״, וואָלט נישט איינע געמאַכט אַ קרומע מינע.

אמת, זי איז געווען די אייגענע ליבליכע, האַרציגע און באַ־וועגליכע, ווי פריהער. דער זעלבער קלוגער, בײנקענדיגער בליק, דער גוטער שמייכל אויף אירע ליפּן, די זעלבע גרייטקייט צו אינטערעסירן זיך מיט פרעמדער זאָרג, — און דאָך אַן אַנדערע, אַ פרעמדע פאַר אירע חברטעס. מענשן, וואָס גילטן צווישן זייערע באַקאַנטע פאַר אַ מוסטער אָהן שום חסרונות, פאַרלירן

מיט איינמאָל אַלץ, ווי נאָר מען אַנטרעקט אין זיי דעם מינדסטן פלעק. אַזוי איז אויך געווען מיט פ י ר ל ע ר. יערן האָט זיך פלוצלינג געדוכט, אַז מען האָט געהאַט אין איר אַ טעות.

ע ס פ י ר, די רעדל־פירערן פון איר גרופּע, אַן עלטערע נישט שיינע קורסיסטקע, איז אַמאָל אַריינגעקומען צו איר באַנאַכט און געבראַכט אַ פּעקל בראָשורן און פּראָקלאַמאַציעס. אָנשטאָט, ווי געוויינליך, אָפּצוגעבן עס פ י ר ל ע ר, האָט זי עס איצט געגעבן ק ר אַ ט אָ וו אַ ן און געזאָגט איר, זי זאָל צעטיילן אין שפּיטאָל, וויפיל זי קאָן, און די רעשט זאָל זי באַהאַלטן. דערנאָך האָט זי זיך געווענדט צו פ י ר ל ע ר און געפרעגט:

— וואָס מאַכט עפּעס דיין באַשיצער? —

פ י ר ל ע ר איז רויט געוואָרן פאַר באַליידיגונג און האָט געפילט, אַז די טרערן שטעלן זיך איר אין די אויגן.

— וואָס איז ער מיר פאַר אַ באַשיצער? — האָט זי געענטפערט און פאַרגעסן דערביי, אַז ע ס פ י ר האָט אים אפילו מיטן נאָמען נישט אָנגערופן — צי דען איז מיר פאַרווערט צו האָבן באַקאַנטע? ניין, איך פאַרשטיי דאָס נישט.

— ווער זאָגט דאָס דיר, מיין ליבע, אַז דיר איז פאַרווערט? פון מיינעטוועגן, כאָטש האָב חתונה מיט אים. פאַרוואָס נישט? אַ גלענצנדע פּאַרטיי...

און נישט וואַרטנדיג אויף קיין ענטפער פון פירלער, האָט זי זיך געזעגנט און אַרויסגעגאַנגען.

— איבעריגנס, איך האָב נישט קיין צייט צו פּלוידערן, — האָט זי נאָך געזאָגט פאַרן אַרויסגיין. און אין פ י ר ל ע ר ס האַרץ איז געבליבן אַ שאַרפע שטעכנדיגע באַליידיגונג.

מיט ד״ר וו יי נ ש ט יי נ ע ן האָט זי זיך געזעהן כמעט יערן טאָג. אָדער ער האָט שוין אויף איר געוואַרט נאָך דער לעקציע באַ זיין שוועגערן, אָדער זי איז אַהיים געקומען צו אים. די צייט איז טיילמאָל דורך זעהר לוסטיג. עס האָט געטראָפן, אַז זי איז געזעסן אויף דעם וויגשטול, ער האָט עפּעס דערציילט, און זי האָט געלאַכט, פאַרגעסן אָן אַלץ און נאָר געפילט, אַז וואָס זי טוט, געפעלט, און וואָס זי רעדט, איז אויפן אָרט, און אַז איר

געלעכטער שטערט קײנעם נישט, פֿאַרקערט, פֿאַרשאַפֿט פֿיל פֿאַרגעניגן. טײלמאָל האָט ער זיך געשטעלט הינטער איר און געװוּנט דעם שטול, לײכט און פֿאַמעליך, אַזױ װי מען װיגט אַ קינד, נישט פֿיל האָט געפֿעלט, ער זאָל זיך צוביגן און זי קושן.

זי האָט געװאַרט אױף דעם און זיך געשראָקן דערפֿאַר און האָט נישט געװאוסט, װי זי װעט ענטפֿערן דערױף.

„נײן, דאָס װעט ער זיך נישט דערלױבן מיט מיר" — האָט זי פֿעסט באַשלאָסן. און דאָך האָט זי זיך אײנגעקוקט אין זײן פּנים און געזוכט דאָרט צו געפֿינען װאָס מער סימפּאַטישעס, װאָס מער שײנס, װאָס מער, װאָס זאָל איר געפֿעלן.

— נו, װאָס איז דאָס אַ פּלאַן פֿאַר אײך צו באַזעצן זיך אין אַ דאָרף? איר װעט דאָרט אָפּװעלקן און װערן צו נישט צװישן עפּעס פּױערים, װאָס זײנען אײך װילד־פֿרעמד. אַ שאָד אײער יונגנט, אײער שײנקײט, װאָס זאָל פֿאַרפֿאַלן װערן עפּעס אין אַ העק אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע. נו אַרבעטן כאָטש צװישן אַרבעטער, אין אַ קולטורעלן צענטער, — דאָס פֿאַרשטײ איך, דאָס איז כאָטש מאָרערן. נאָר װי קומט איר, אַ אידיש מײדל, צו רוסישע פּױערים? נײן, דאָס װעט איר נישט טון.

זי האָט נאָר געשמײכלט און געזאָגט:

— איר רעדט אַזױ זיכער, אַז איך װעל דאָס נישט טון! לאָמיר ליבער װעגן דעם נישט רײדן. איך האָב נישט ליב, אַז איר רעדט אַזױ.

און האָט געמאַכט דערבײ אַן ערנסטע מינע.

און דאָך האָט זי געפֿילט אין זײנע רײד, אין זײן בליק און אין זײן גאַנצן פֿאַרהאַלטן זיך צו איר, אַז ער האָט זי ליב, און אַז פֿריהער צי שפּעטער, נאָר דאָס קאָן פּאַסירן, זי זאָל װערן זײן װײב.

װערן זײן װײב! זי האָט זיך געשראָקן פֿאַר דעם געדאַנק. אַזױ פֿיל אומגעװײנליכס איז געלעגן אין אים, און זי האָט אַלײן נישט געװאוסט, פֿאַרװאָס זי שרעקט זיך אַזױ: צי פֿאַר אַ גרױס אומגליק, צי פֿאַר אַ גרױס גליק.

זי האָט באַלד באַמערקט, אַז אױך באַ װײנשטײנס ברודער אין הױז, אױף דער לעקציע, באַגײט מען זיך מיט איר גאָר אױף

אַ באַזונדערן שטייגער, נישט אַזוי ווי מיט אַ געוויינליכער לערערן. סאָניע איז אַריינגעקומען אין דעם צימער, וואו זי האָט געלערנט מיט דעם קליינעם באָריסן, געררעדט וועגן די לעקציעס, געפּלוי־דערט און פאַרנומען אומזיסט די צייט. דערביי האָט זיך פידלער געפילט אונטער דעם בליק פון סאָניעס שוואַרצע אויגן, און אין דעם בליק איז געווען אַזוי פיל נייגירינקייט און עפּעס אַ באַהאַלטענער שמייכל...

טיילמאָל, ווען זי האָט געהאַלטן באַם אַרויסגיין נאָך דער לעקציע, האָט זיך באַ דער טיר — פּלוצלינג, נישט צו וויסן, פון וואַנען זי האָט זיך גענומען — באַוויזן סאָניע און געזאָגט האַלב ערנסט, האַלב שפּעטיש:

— וואַרט אַ מינוט, אַלעקסאַנדער וועט באַלד קומען.

— פידלער איז רויט געוואָרן און זאָגנדיג קורץ, אַז זי האָט קיין צייט נישט, האָט זי זיך געאיילט אַרויסצוגיין.

אין הויז איז זי אַלעמען געפעלן. דאָס האָט פידלער גע־פילט און דאָס האָט זי אויך נישט געוואונדערט. צו מאַכן אַ גוטן איינדרוק — דאָס איז געווען איר געוויינהייט, מיט וועלכער זי האָט זיך צוזאַמענגעלעבט, ווי אַ קינסטלער מיט זיין קונסט, ווי אַ באַרימטע שיינע פרוי מיט איר שיינקייט. אַפילו דער קליינער באָריס האָט זי ליב געקריגן און איז צופרידן געווען, אַז זי איז געקומען. דערפאַר אָבער האָט ער נאָך מער פיינט געקריגן די גובערנאַנטקע פון הויז, דאָס דייטשע פריילין.

— און פאַרוואָס האָב איך ליב פאַננאַ ליובאַ? ווייל פאַננאַ ליובאַ איז אַ גוטע, און פריילין — אַ שלעכטע, — אַזוי האָט ער געטענעט, ווען די מוטער האָט אים מוסר געזאָגט פאַר עפּעס אַ קאָנפליקט צווישן אים און דעם פריילין.

און סאָניע האָט דאָס דערציילט פידלער און דערביי געפרעגט:

— זאָגט, איך בעט אייך, פאַרוואָס האָבן אייך קינדער אַזוי ליב?

— יאָ. קינדער האָבן מיך ליב; איך זיי האָב אויך זעהר ליב, שרעקליך ליב.

דעם אמת זאָגנדיג, האָט זיך סאָניע איינגעקוקט אין פיד־לערס לייכטליך פנים און בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין,

וואָס דאָ איז פאַראַן אַזאַ שיינס. „אַן אַנגענעמע — נישט מער", האָט זי געטראַכט. אין האַרצן האָט זי געקוקט אויף פידלער מיט פאַראַכטונג און האָט זי גרינג געשעצט, און דאָך האָט זי זיך צו איר פאַרהאַלטן גוט און גערעדט מיט איר ווי מיט אירס אַ גלייכן. איר איז געפעלן די ראָלע, וואָס זי שפּילט דאָ אין אַלעקסאַנדערס אָנגעלעגנהייטן. זי האָט נישט געקאָנט דער־לאָזן, אַז אַלעקסאַנדער זאָל חתונה האָבן, און זי זאָל דערביי נישט נעמען קיין אָנטייל.

זי האָט אויך געוואָלט איר מאַן פאַרמישן אין דער זאַך, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט:

— וואָס זאָגסט דו צו אונזער אַלעקסאַנדערן? ער האָט זיך דאָך, ווייסט, פאַרליבט אין דער לערערן...

ער האָט נאָר געצויגן מיט די אַקסלען און געענטפערט קאַלטבלוטיג:

— טאָ זאָל ער מיט איר חתונה האָבן.

— מיט איר חתונה האָבן! כאַ, כאַ, כאַ! וואָס פאַלט דיר איין? ביסט משוגע געוואָרן? זי איז אַן אָרים מיידל, אַן אַקושאָרקע...

— ווילסט מיך הערן, סאָניע, צי נישט? פאָלג מיך און מיש ריך ליבער נישט אַריין. אַלץ איינס, דו וועסט סיי ווי סיי גאָרנישט פועלן, ער איז דאָך אַ משוגענער, און אַז דו וועסט זאָגן ניין, וועט ער זאָגן יאָ.

נאָר סאָניע האָט נישט גערוהט. זי האָט געשריבן איר שווער און שוויגער וועגן דעם, געמאַכט אָנצוהערעניש איר שוואָ־גער, געשפּיאָנעוועט און געהאַט וואָס צו טון.

מיט פידלערן האָט זי אַמאָל פאַרפירט אַ געשפּרעך וועגן אַלעקסאַנדערן:

— ווי געפעלט אייך אונזער אַלעקסאַנדער? — האָט זי געפרעגט — אמת, אַ וואוילער מענטש?

פידלער איז רויט געוואָרן און האָט געענטפערט מיט אַן אומבאַשטימטער מינע. סאָניע האָט ווייטער גערעדט.

— זעהר אַ וואוילער מענש. נאָר, ווייסט איר, אַזאַ מאָדנער. זאָגט מיר, צו וואָס האָט ער שטודירט מעדיצין, אַז קיין דאָקטאָר וועט ער סיי ווי סיי נישט ווערן? און צו וואָס האָט ער דאָס

געהאַרפּט? איר ווייסט, דער פֿאָטער גיט אים דרייסיג טויזנט רובל נדן.

זי האָט געשוויגן אום צו זעהן דעם איינדרוק, וואָס די לעצטע ווערטער וועלן מאַכן. אירע שוואַרצע אויגן האָבן שעלמיש גע־קוקט אויף פּידלער, און פּידלער האָט צום ערשטן מאָל באַמערקט אין די אויגן עפּעס אַ קאַלטקייט, עפּעס פאַרביסנס קעגן איר.

מעדיצין איז אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע וויסנשאַפט. פאַרוואָס זי נישט שטודירן, אויב מען האָט די מעגליכקייט? — האָט זי קורץ באַמערקט און האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען גיין.

— וואַרט, אַלעקסאַנדער קומט די מינוט.

און ווידער האָט פּידלער באַמערקט די קאַלטקייט און די גרינגשעצונג אין אירע אויגן און האָט אויפגעהערט צו ריידן.

„אָך, וואָס פאַר אַ נישט־סימפּאַטישע זי איז, וואָס פאַר אַ בור־זשואַזנע זי איז!“ — האָט זי געטראַכט, אַרויסגייענדיג.

זי האָט געפילט, ווי אין איר האַרץ וואַקסט אַ האַס צו דער שיינער שוואַרצער פרוי מיט איר לאַנגער אויסגעטאָקטער נאָז, מיט אירע שוואַרצע קיילעכדיגע ברעמען און מיט איר קאַלטן בליק. דאָס איז געווען דער בלינדער האַס, וואָס פרויען דערשפּירן אַזוי ניך צו אַ מענשן, וואָס שטעלט זיך זיי אויפן וועג, — אַ שטילער שטומער, נאָר ברענענדיגער האַס.

און דאָך האָט זי יעדן טאָג געמוזט קומען צו דער פרוי, ריידן מיט איר, שמייכלען און מאַכן אַ גוט פּנים. פאַר איר געקוועלט, נאָר נאָך נישט קיין געבראָכן האַרץ, איז דאָס נישט לייכט געווען איבערצוטראָגן.

ווען זי האָט זיך דערמאָנט אָן איר פּלאַן צו פאָרן אין דאָרף, האָט דאָס האַרץ אַ ציטער געגעבן, און די געדאַנקען האָבן זיך פאַרווירט אין איר קאָפּ.

„שרעקליך! שרעקליך!“

און ווידער איז זי געזעסן אויפן ווינשטול בא ווײַנשטײנען, און ער האָט איר עפּעס דערציילט מיט זיין ווייכער שטים און האָט געקוקט אויף איר מיט פאַרליבטע אויגן, און איר איז ווידער געוואָרן פרייליך און לוסטיג, און זי האָט געלאַכט, געלאַכט...

ער האָט גענומען איר האַנט אין זיינע, — זי האָט געוואָלט פּראָטעסטירן און האָט געשוויגן; ער האָט געקושט אירע האָר. לייכט באַרירט מיט זיינע ליפּן איר שטערן, — זי האָט געוואָלט שרייען און האָט נישט געשריען.

ערשט ווען זי איז געקומען אַהיים אין איר צימער און האָט גענומען לעזן אירע בראָשורן, אָדער ריירן מיט קראַטאָוואַן, איז איר ווידער געוואָרן שווער אויפן האַרצן, און ווידער האָבן זיך די געדאַנקען פאַרווירט און ווידער האָט זי געזיפצט:

„שרעקליך! שרעקליך"!

שרעקליך איז אַלץ געווען. שרעקליך איז געווען צו טראַכטן וועגן דעם גליק, וואָס וואַרט אויף איר, צו געניסן פון ליבע און רייכקייט; שרעקליך איז געווען דער געדאַנק, אַז זי זאָל חתונה האָבן מיט אַ מענטשן, וואָס — ס'קאָן זיין — זי ליבט אים נישט; שרעקליך איז געווען דער ספק, טאָמער איז די גאַנצע זאַך פאַר אים נאָר אַ שפּיל, און ער וועט זי פאַרלאָזן; שרעקליך איז אויך געווען צו טראַכטן וועגן אַ לעבן פול נויט, לאַנגווייליגקייט און מאַנגל און שרעקליך, אומגעהויער שרעקליך, איז געווען די שאַנד פאַר אירע חברטעס, פאַר זיך, פאַר איר געוויסן!

אויף דער טיר פון איר צימער איז געהאַנגען אַ נייע טייערע וויירענע בלוזע. די בלוזע האָט געהאַט איר געשיכטע:

אין טעאַטער האָט אַרויסגעטראָטן עפּעס אַ באַרימטהייט. ס אָ נ י ע האָט געהאַט אַ לאָזשע פאַר זיך, פאַר איר מאַן און ד"ר ו ו י י נ ש ט י י נ ע ן; די פּערטע האָט געזאָלט זיין — פ י ד ל ע ר. אַז ד"ר ו ו י י נ ש ט י י ן האָט איר פאַרגעלעגט צו גיין מיט זיי אין טעאַטער, אין אַ לאָזשע, האָט זי געמיינט, אַז ער וויצלט זיך: ווען ער האָט אָבער ווידער דערפון גערעדט, האָט זי נאָר געלאַכט:

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטן. נאָך דאָס פעלט מיר — אין אַ לאָזשע, אַזוי געקליידעט...

ער האָט נאָרנישט געענטפערט. נאָר ווען זיי זיינען אַרויס־געגאַנגען אויף דער גאַס און פאַרביי פאַר אַ רייכן מאַגאַזין פון ראַמען־קליידער, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און כמעט זי גע־צוואונגען, זי זאָל זיך עפּעס קויפן.

— אייך קומט דאָך פאַר אַ לעקציע — האָט ער אויסגערעדט— וועל איך דערווייל אויסלייגן.

אַזוי איז געקויפט געוואָרן די בלוזע. אין טעאַטער דערנאָך האָט זי זיך געפילט שלעכט אונטער די בליקן פון ס אָ נ י ע ן און איר מאַן, וואָס האָט געקוקט און געקוקט אויף איר דורך זיינע ברילן און קיין וואָרט מיט איר נישט גערעדט. אָט אויף דער ראָזיגער בלוזע האָט פ י ד ל ע ר נישט געקאָנט קוקן גלייכגילטיג. זי האָט גערעדט און דערציילט פון עפּעס אַן איבערקערעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין איר...

— ווייסט, וואָס איך וועל טון? — האָט זי געזאָגט צו קראַ־טאָוואַן — מאָרגן וועל איך טראָגן די בלוזע אין לאָמבאַרד, וועט זיין צו צאָלן פאַר מיטאָגן.

— ניין, מען דאַרף נישט. זי קליידט דיר אַזוי שיין. דו ביסט גאָר אַ שיינהייט אין איר.

— דו לאַכסט פון מיר. דו האָסט מיך מער שוין נישט ליב, נישט וואָר? זאָג... האָט פ י ד ל ע ר גערעדט, און בּאַ די לעצטע ווערטער האָט איר שטים געציטערט.

נאָר ק ר אַ ט אָ ו ו אַ האָט גאָרנישט געענטפערט דערויף. זי האָט נאָר איבערגעווישט איר דיקע האַנט איבער פ י ד ל ע ר ס שטערן מיט אַ פוילער באַוועגונג און געזאָגט:

— דו ביסט אַ נאַר. — און אויף איר פּנים איז געלעגן אויס־געגאָסן דער ברייטער רוהיגער, רוסישער געלעכטער.

---

## VI

דער ווינטער איז דערגאַנגען צום סוף, און עס האָבּן זיך אָנגעהויבּן די טעג פון פ אַ ר ־ פ ר י ה ל י נ ג מיט זייערע נייע ווינטן, די ווייכע און פרישע, וואָס טראָגן זיך אין דער לופט, וועקן און מינטערן און בריינגען אַריין אַ זיסע אומרוהיגקייט אין אַלץ. אומרוהיג איז געוואָרן אין דער נאַטור, אומרוהיג און באַנג אויפן האַרצן.

די בוימער אין שטאָט־גאָרטן האָבן שוין לאַנג אַראָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שניי, האָבן שטיל געשאָקלט מיט די נאַקעטע צווייגן און געוואַרט און געחלומט פון דעם גוטן גרינעם מלאָך, וואָס וועט קומען באַנאַכט זיי צו קושן און באַפרוכטן. די וואָלקנס אויפן הימל האָבן זיך געטראָגן געשווינד, ווי זיי וואָלטן איילן עפּעס צו פאַרריכטן, עפּעס צו צוגרייטן; און ווי זיי זיינען פאַרשוואונדן, האָט דער הימל אַרויסגעקוקט, און די וואַרעמע זון — אַ ניי־געבוירענער בלאָהער הימל, אַ ניי־געבוירענע ליבע זון.

און די נעכט זיינען פול געווען מיט בייִנקשאַפט און ציטעריגע האָפענונגען. אַ לייכט פרעסטל האָט געכאַפּט, אויף די טראָטואַרן איז געווען גליטשיג, און דאָס דינע אייז האָט לוסטיג געקנאַקט אונטער די פיס. און דער לינדער ווינט, וואָס האָט געבלאָזן, האָט וואַך געמאַכט יעדן נערוו, גערייצט דאָס בלוט אין די אָדערן.

ערגעץ ווייט, אין טיפן וואַלד, האָט דער בער זיך געוועקט אין זיין בערלאָגע, סאַרנעס האָבן פול געמאַכט דעם וואַלד מיט ווילדע געשרייען. אין שטאָט האָבן מענשליכע הערצער געציטערט און איבערגעריסענע חלומות האָבן זיך גענומען וויטער וועבן.

אַן אומרוהיגע, געפערליכע צייט פאַר יונגע הערצער.

ערשט נאָך האַלבער נאַכט איז פּ י ר ל ע ר געקומען אַהיים, אויסגעטאָן און געלעגט זיך אין בעט, נאָר שלאָפן האָט זי נישט געקאָנט.

ק ר אַ ט אָ ו ו אַ שלאָפט שוין. זי האָט אַפילו נישט געהערט, אַז פּ י ר ל ע ר איז געקומען און האָט זיך געלעגט נעבן איר אין בעט. אַ גוטער, צופרידענער שמייכל ליגט אויסגעגאָסן אויף איר פּנים, איר הויכע פולע ברוסט באַוועגט זיך פּאַמעליך, און רוהיג איז זי, רוהיג! קיין מוסקל רירט זיך נישט אין איר פּנים, איר חלומט זיך, קענטיג, גאָרנישט. עס דוכט זיך, אַז דער יונגער בליהענדיגער קערפּער וואַרט אָהן זאָרג, אָהן ציטערניש און אָהן בייִנקשאַפט אויף זיין באַשערטן, וואָס וועט קומען און מוז קומען.

פ י ר ל ע ר האָט שוין אויסגעלאָשן די לאָמפּ און צוריק זי אָנגעצונדן. איר איז איינג אין בעט, דושנע — אין צימער. עפּעס ווילט זיך הויך לאַכן, אָדער הויך וויינען, אָדער שרייען פאַר אַנגסט, אָדער אין דער שטיל אויסגיסן דאָס האַרץ פאַר עמיצן אין פאַרטרויטע ווערטער.

„גאָט דו מיינער! גאָט דו מיינער!" זיפצט זי.

וואָס ציטערט אין איר יעדער נערוו? וואָס קלעמט אַזוי דאָס האַרץ? און וואָס פאַר אַ גיפט האָט צערייצט איר בלוט?

וואָס ז אָ ל זי טון, וואָס ו ו ע ט זי טון? פאַרוואָס איז איר לעבן געוואָרן אַזוי פאַרווירט?

און זי פאַנטאַזירט פון אַ ברונעטן יונגענמאַן, מיט שוואַרצע האָר, מיט גליהענדיגע אויגן, מיט מעכטיגע הענט, וואָס וועט קומען זי אַרומנעמען, פעסט, פעסט אַרומנעמען, אַז יעדער גליד אירער זאָל פילן זיין יונגע קראַפט, און ער, דער אויסלייזער, דער איידעלער, וועט זי אַוועקטראָגן אין זיינע אָרעמס ווייט, ווייט, — אין דאָרף אַריין, דאָרט וואו זי וועט אויפלעבן, וואו דאָס לעבן וועט זיין אַזוי גליקליך און ריין און שיין...

נאָך אָט האָט מען געקלונגען אין טויער, און פ י ר ל ע ר האָט געפילט, ווי זי הויבט זיך אָן צו שרעקן, זי האָט זיך געשעמט, וואָס זי שרעקט זיך: זי האָט געדיינקט, אַז פריהער איז דאָס געפיל איר פרעמד געווען, נאָר ערשט אין דער לעצטער צייט איז זי געוואָרן אַלץ איבערגעשראָקענער און איבערגעשראָקענער... זי האָט זיך צוגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, וואָס אונטן טוט זיך. מען האָט אָנגעהויבן צו גיין אויף די טרעפּ, געגאַנגען זיינען עטליכע מענשן. די טריט זיינען דורך איין פאָר טרעפּן, אַ צווייטע, און האָבן אַלץ נישט אויפגעהערט: ווי אַ קלאַנג פון שפּאָרן האָט זיך געהערט...

„צי אין אמתן טאַקע?" האָט זי געטראַכט אין שרעק.

זי האָט געוועקט איר חברטע:

— מ אַ ר י אַ, רוכט זיך, צו אונז...

נאָר ק ר אַ ט אָ ו ו אַ האָט נישט אויפגעוואַכט, ביז די טריט זיינען געוואָרן גאָר נאָהענט, און מען האָט אָנגעקלאַפּט אָן דער טיר.

— ווער איז דאָרט? — האָט פ י ר ל ע ר געפרעגט.

אַ טעלעגראַם, — האָט זיך געהערט דער באַקאַנטער ענטפער.

קראַטאָוואַ האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, געעפנט ברייט די אויגן און אַרומגעקוקט זיך, ווי זי זאָל וועלן דערגיין, וואָס דאָ איז געשען. נאָר דערהערנדיג דאָס וואָרט „אַ טעלעגראַם", איז איר באַלד אַלץ קלאָר געוואָרן, און זי האָט זיך געכאַפּט אויף דערגיך אָנטון.

אָן דער טיר האָט מען גענומען קלאַפּן נאָך שטאַרקער.

— וואַרט אַ ווײַלע, מיר טוען זיך אָן. — האָט קראַטאָוואַ געזאָגט.

— מיר וועלן די טיר אויסברעכן, שיסן, די מינוט עפענען!

— מען קאָן? האָט קראַטאָוואַ געפרעגט פירלערן, וואָס האָט געהאַלטן באַם אָנטון דעם ערשטן שוך.

נאָר באַ דער טיר האָט מען גענומען רייסן אַזוי שטאַרק, אַז עס איז נישט געבליבן קיין אַנדערע עצה, ווי באַלד צו עפענען.

עס איז אַרייננגעקומען אַ זשאַנדאַרמסקער אָפיצער, אַ הויכער, אַ בלאַסער, מיט זעהר לאַנגע וואָנצעס, עטליכע פּאָליציאַנטן און דער סטרוזש פון הויז. אין צימער איז אַלץ איינג געוואָרן, עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעוויזיע.

„הייסט עס, איך בין אַרעסטירט—האָט פירלער געטראַכט—נו, גוט, אַבי אַ סוף, אַבי אַן ענדערונג". און דאָך האָט איר האַרץ געקלאַפּט, אין מויל איז איר מיט איינמאָל געוואָרן שרעקליך טרוקן, און אויף די געווײנליכע פראַגעס, ווער זי איז, האָט זי געענטפערט מיט אַ ציטעריג קול. דערפאַר האָט קראַטאָוואַ געענטפערט גאַנץ רוהיג, און נאָר אין אירע אויפגעריסענע, ברייט־געעפנטע אויגן איז געווען צו דערקענען, אַז זי איז אויפגערעגט.

דער אָפיצער האָט נישט געהאַט לאַנג צו זוכן. אין שופלאָד פון טיש האָט ער באַלד געפונען עטליכע בראָשורן, באַטראַכט זיי אין דער האַנט, דורכגעלעזט די טיטלען און האָט צופרידן געשמייכלט.

— אָט האָבן מיר אויך געפונען, — האָט ער גערעדט, ציהענדיג פאַר אַ וואָנצע און באַטראַכטנדיג מיט אַ שמייכל די צוויי מיידלאַך.

— וועמען געהערט דאָס? האָט ער געפרעגט שטרייננג.

„דאָס איז מיינס“, האָט פּ י ד ל ע ר געוואָלט ענטפערן, נאָר זי האָט געשוויגן. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט באַוועגט די ליפּן, אַז זי האָט די ווערטער גערעדט, נאָר זיי זיינען עפּעס נישט אַרויס פון איר מויל. דערפאַר האָט זי קלאָר און דייטליך געהערט, ווי ק ר אַ ט אָ וו אַ האָט געזאָגט:

— דאָס געהערט מיר.

און דער אָפיצער האָט געענטפערט:

— גוט.

„דאָס וויל זי נעמען אַלץ אויף זיך און מיך פריי מאַכן — האָט זי געטראַכט — ניין, ניין! דאָס וועט אַזוי נישט בלייבן, בשום אופן נישט“. זי איז געשטאַנען און געגלאָצט מיט די אויגן און געזוכט עפּעס צו טון.

— איז דאָס אייערס, ק ר אַ ט אָ וו אַ — האָט דער אָפיצער געזאָגט — און איר, וואָס האָט נאָך, פּ י ד ל ע ר? גיט בעסער באַלד אַהער, וועלן מיר פאַרשפּאָרן צו זוכן. אַ שאָד די צייט.

פּ י ד ל ע ר האָט געענטפערט בייז:

— זוכט, אויב איר ווילט.

די פּאָליציאַנטן האָבן גענומען שאַרן אין אַלע ווינקלען. דער אָפיצער האָט קאָמאַנדעוועט, געזוכט אין אויוון, אין בעט, אונטערן בעט, געקלאַפּט אין דער וואַנט, נאָר מער האָט ער גאָרנישט געפונען. ק ר אַ ט אָ וו אַ איז די גאַנצע צייט געשטאַנען נעבן טיש. פילנדיג זיך אַרעסטירט, האָט זיך איר געדוכט, אַז זי קען זיך נישט אַליין, מיט איר אייגענעם ווילן, באַוועגן. פּ י ד ל ע ר איז געזעסן אויפן בעט, און אין איר מוח איז פאָרגעקומען אַ פיינעגדיגע אַרבעט.

„ניין, ניין! דאָס קאָן אַזוי נישט בלייבן!“ — האָט זי געטראַכט— מען דאַרף זאָגן, אַז דאָס איז מיינס“. און האָט זיך פאָרגעגרייט דאָס צו זאָגן, נאָר זי האָט נישט געוואוסט, אין וואָס פאַר אַ פאָרם דאָס צו טון. דערנאָך איז איר געקומען אַן אַנדער געדאַנק אין קאָפּ אַריין: ק ר אַ ט אָ וו אַ וועט זי סיי ווי סיי דערמיט נישט העלפן, און אַנשטאָט איין אָפּפער, וועלן נאָר זיין צוויי. אויסער דעם האָט זי נישט געוואוסט, צי מען וועט זי אַזוי

אויך נישט אַרעסטירן, און שפּעטער, אויפן „ראַפּראָס“, דעמאָלט וועט מען שוין זעהן...

פּלוצלינג האָט זיך קראַטאָוואַ אויסגעדרייט צו איר מיטן פּנים, זייערע בליקן האָבן זיך געטראָפן, און פּידלער האָט אין דעם מאָמענט דערפילט אַ ברענענדיגן ווייטאָג אין איר האַרץ:

„אַ שאַנד! אַ שאַנד! איך בין אַ פאַלשע, אַ פאַלשע, אַ פּאָדלע! אַ פאַרעטערן!“ האָט זי זיך געזידלט.

דער פּראָטאָקאָל איז שוין געווען פאַרטיג, דער אָפיצער האָט אים דורכגעלעזן און געגעבן אַלעמען זיך אונטערצושרייבן. פּידלער האָט שוין איצט געוואוסט אויף זיכער, אַז קראַטאָוואַ איז אַרעסטירט, און זי בלייבט פריי, און האָט נאָך געמאַכט די לעצטע אָנשטרייגונגען:

— נעמט אויך מיך — האָט זי געזאָגט צו דעם אָפיצער. ער האָט נאָר ווידער געצויגן רוהיג אַ וואָנצע און געענטפערט:

— עס וועט קומען אַ צייט, וועט מען אויך אייך נעמען, דערווייל שפּאַצירט נאָך אויף דער פרייהייט, פריילין. און איר, סוראַרינאַ — האָט ער זיך געווענדט צו קראַטאָוואַ — דערלויבט זיך אָנצוטון. מיר גייען.

קראַטאָוואַ האָט אָנגעטאָן איר זשאַקעט און איז צוגעגאַנגען זיך געזעגענען מיט פּידלער. אירע אויגן האָבן געפינקעלט פאַר פרייד. זי האָט זיך, קענטיג, שוין צוגעוויינט צו דעם געדאַנק, אַז זי איז אַרעסטירט און איז צופרידן געווען און שטאָלץ, וואָס זי האָט זיך אַזוי גוט געהאַלטן.

— בלייב געזונט, — האָט זי געזאָגט — אַהיים קאָנסט דו שרייבן, אויב מען וועט פרעגן. נאָר שרייב, אַז איך וועל באַלד פריי ווערן. געדיינק.

און זיי האָבן זיך צעקושט.

— בלייב געזונט, טייערע, — האָט פּידלער געזאָגט און געוואָלט זיך עפּעס פאַרענטפערן; נאָר זי האָט מער נישט געקאָנט ריידן. זי איז פּלוצלינג אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

— פאַרצייַ... פאַרצייַ... האָט זי נאָר געשטאַמלט — איך בין אַ פאַלשע... אַ פּאָדלע...

באַלד האָט מען אַוועקגעפירט קראַטאָוואַ. באַם אַרויס־גיין פון דער טיר, האָט זי זיך אומגעדרייט און געקוקט אויף פידלער. אין אירע אויגן איז געווען דער זעלבער גלאַנץ און אויף איר גאַנץ פּנים איז געווען אויסגעגאָסן אַ געפיל פון וויכטיגקייט. פידלער האָט נאָך געוואָלט צוגיין צו איר, נאָר אין דעמזעלבן מאָמענט האָט קראַטאָוואַ איבערגעטראָטן די שוועל, און נאָך איר איז אַרויס פון צימער דער אָפיצער מיט די פּאָליציאַנטן.

זי איז געבליבן אַליין אין איר צימער, אַליין מיט איר שווער געוויסן, אַליין מיט אירע טרערן. פון דער וואַנט האָט נאָר געוואונקען די גייע בלוזע...

די עטליכע שעה, ביז עס איז טאָג געוואָרן, האָבן זיך געצויגן ווי אַ גאַנצע אייביגקייט. זי האָט שוין געהאַט געשפּאַנט אַ צייט־לאַנג איבער איר צימער אַרויף און אַראָפּ און געדריקט אירע שלייפן מיט די הענט, ביז זי איז מיד אַנידערגעפאַלן אויפן בעט, באַדעקט מיטן קישן דאָס פּנים און געוויינט; זי האָט שוין צוגעגאָסן נאַפט אין לאָמפּ, וואָס האָט געהאַלטן באַם אויסגיין,— און די נאַכט האָט זיך געשלעפּט און געשלעפּט גאָר אָהן אַ סוף. צום סוף האָט די פינסטערקייט אויף די שויבן אָנגעהויבן העלער צו ווערן. עס האָט געטאָגט.

פידלער האָט אויסגעלאָשן די לאָמפּ, אויפגעמאַכט דאָס פענסטער און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ. אַ לינדער ווינט האָט געבלאָזן, דער הימל איז געווען קלאָר, אָהן וואָלקנס, און ציטעריגע שטערן האָבן נאָך קוים, קוים געשימערט. זי האָט זיך געפילט מיד, שרעקליך מיד און האָט זיך געזעצט אויף אַ ביינקל נעבן פענסטער און געטראַכט. די העלקייט פון אויפגייענדיגן טאָג האָט אַריינגעבראַכט אַ פרישקייט און קלאָרקייט אין אירע פאַרווירטע געדאַנקען.

און אין דערפריה, ווען זי האָט פאַרלאָזט איר צימער, איז באַ איר אַלץ שוין קלאָר געווען און פאַרטיג: זי מוז אַוועקפאָרן! אַוועק פון דאַנען, וואו איר לעבן האָט זיך אַזוי פאַרפּלאָנטעט, אַוועקפאָרן און צוריק ווערן די זעלבע וואָס אַמאָל, — מיט איר

שטילער בײנקשאַפט, מיט אירע שטילע לײדן, מיט אירע שטילע חלומות.

נאָך דרעמועלבן טאָג, נאָך מיטאָג, איז זי אַרײנגעקומען צו ר״ר װײנשטײנען. ער האָט זיך דערשראָקן פֿאַר איר פּנים. זי איז געװען בלאַס און האָט געהאַט אַן ערנסט שרעקליך אויסזעהן.

— װאָס איז אײך? איר זײט נישט געזונט? זעצט אײך... האָט ער געזאָגט.

נאָר זי האָט זיך נישט געזעצט.

— איך בין געקומען זיך מיט אײך געזעגענען, הער װײנ־שטײן, איך פֿאָר נאָך הײנט אַװעק. יאָ, מיר פֿעלט נאָך צו עטליכע רובל אויף דער הוצאה. איר קאָנט מיר באָרגן?

— נאָר װאָס איז אײך, װאָס? איך פֿאַרשטײ נישט... זעצט אײך. — און ער האָט איר צוגעטראָגן אַ בײנקל.

פּידלער האָט זיך פֿאָרגענומען צו זײן מיט איר שטרײנג. דורך דער נאַכט האָט זי איר נישט אײנמאָל טיף געהאַסט. נאָר איצט, פֿילנדיג זײן גוטן, װײכן בליק אויף זיך, האָט זי װידער עפּעס װי מורא געהאַט, זי זאָל אים נישט באַלײדיגן, און האָט זיך געזעצט.

— נו, דערצײלט: װאָס איז? צו װאָס פֿאָרט איר?

— איך דאַרף פֿאָרן. איך האָב שוין געענדיגט: װאָס זאָל איך דען דאָ טון?

— הערט, — האָט ער געזאָגט, און זײן שטים איז געװאָרן ערנסט, אָהן לײכטקײט און אָהן שמײכל — הערט, ליובאַ, בלײבט דאָ, בלײבט און זײט מײן פֿרוי, איך ליב אײך...

ער האָט גענומען איר האַנט. אַ װײלע האָט זי געטראַכט, נאָר באַלד האָט זי לײכט אַרויסגעצויגן איר האַנט פֿון זײנע און געזאָגט:

— נײן, ה׳ װײנשטײן. דאָס איז אוממעגליך. איר האָט געהאַט אַ טעות. אַנטשולדיגט.

זי האָט די װערטער אַרויסגערעדט קלאָר און דײטליך, מיט פֿאַרגעניגן און שטאָלצקײט, און געפֿילט, װי יעדעס װאָרט מאַכט איר לײכטער און פֿרײער דאָס האַרץ.

ר״ר װײַנשטײן האָט נאָר אָפּגעװישט זײַן שטערן מיט דער האַנט. זײַן פּנים האָט אָנגענומען אַ לײַדנדיקן אױסדרוק. ער האָט עטליכע מאָל געשפּאַנט איבערן צימער און געזאָגט.

— אַנטשולדיגט אױך...

בײַ איר אַרױסגײן האָט ער איר פעסט געדריקט די האַנט, אױף זײַן פּנים איז װידער געלעגן דער קאַלטער שמײכל, און ער האָט געזאָגט:

— אַנטשולדיגט, אַנטשולדיגט. דערמאָנט נישט צום בײזן.

און אין עטליכע טעג אַרום איז פידלער אַװעק פון װאַרשע.

פון יענער צײַט זײַנען שױן דורך צװײ יאָר. ר״ר װײַנשטײן האָט געלעבט אין אױסלאַנד. דורך דער צײַט איז דער פאָטער געשטאָרבן, ער האָט באַקומען אַ גרױסע ירושה און האָט נישט געװאוסט, װאָס צו טון מיט דעם געלט, װאָס צו טון מיט זיך. װעגן פידלער האָט ער שױן געהאַט פאַרגעסן.

אַ צופאַל אָבער האָט אים דערמאָנט אָן איר. ערשט נישט לאַנג האָט ער געװאױנט אין דער שװײץ, בײַ אײנער פון די שײנע אָזערעס. אָװנטס האָט ער לאַנג שפּאַצירט ביז שפּעט אין דערנאַכט און איז אַהײם געקומען שלאָפן. אין בעט, פאַרן שלאָף, האָט ער, געװײנליך, גענומען לעזן די רוסישע צײַטונג, װאָס האָט אים געבראַכט יערן טאָג נײַעסן פון דעם לאַנד, װאָס האָט בײַ אים שױן אױסגעזעהן װי אַ פרעמדע װעלט. אָט אין דער צײַטונג האָט ער געטראָפן דעם באַקאַנטן נאָמען:

„נעכטן איז דאָ אױפגעהאַנגען געװאָרן די מערדערין פון גענעראַל .A. די אידין, ליובע פידלער" — האָט ער דאָרט געלעזן.

ער איז יענע נאַכט מער נישט געשלאָפן, נאָך עטליכע טעג דערנאָך געװען װי באַטױבט, און באַנאַכט האָבן זיך אים געחלומט באָמבעס און געהרגעטע, תּליות און שטײפע מענשליכע קערפּערס, װאָס דער װינט האָט געשאָקלט...

---

# I

דאָס לאַנד פון די פינף טייכן, וואו די זון ברענט אַזוי הייס איבער די קעפּ און די לאָטוס־בלום בליהט, איז געבענשט געווען מיט נביאים, וואָס זיינען געשאָנקען געוואָרן דעם פאָלק, אים צו באַלערנען און צו זיין זיינע העלפּערס און פירערס אויף די ראָרנדיגע וועגן פון לעבן און דורך די פינסטערע טויערן פון טויט. מיט צוטרויען האָבן די הערצער פון פאָלק אַנטקעגן גע־שלאָגן צו די רייד פון די נביאים; זייערע נעמען זיינען באַרימט געווען אין לאַנד, און איין ברכה איז געווען פאַר יעדער מאַמען: „גאָט זאָל געבן אַ נביא פון דיינע געדערים".

ווייל דאָס פאָלק פון דעם לאַנד, און נאָר באַזונדער יעדער שטאָם, וואָס האָט געוואוינט באַ די ברעגן פון הייליגן גאַנגוס, האָט אין געטומל פון לעבן נישט פאַרגעסן זיין אַלטן יחוס, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן פון טאַטעס צו קינדער, אַ דור צו אַ דור. די אַלטע מסורה האָט דערציילט פון אַן איידעלער, דער־הויבענער ראַסע, וואָס שטאַמט אָפּ פון די געטער אַליין און איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן אויף דער טרויעריגער ערד אָפּצוקומען פאַר אירע זינד. דעריבער האָט אַ טאָן פון טרויער שטענדיג געקלונגען אין זייער נשמה, און זייער האַרץ איז געווען אָפן און וואַכעדיג פאַר גייסט און זאַכן פון גייסט. די אַרבעט האָבן זיי נישט ליב געהאַט, און זייער לעבן האָט נישט געקאָנט אויספילן דאָס, וואָס אַ מענש טוט, כדי צו דערהאַלטן זיין לעבן; זיי האָבן ליב געהאַט דאָס ליידיג־גיין, דאָס גאָר־נישט־טון, דאָס טראַכטן און חלומען, דאָס לאַנגע ליגן אויפן גראָז, פאַרבליינקט איינצוקוקן זיך אין דער טיפעניש פון הימל און אין דעם אָפּגרונט פון דער

איינענער נשמה. מען האָט נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט פון אָפּיום, וואָס באַרוישט און וועבט פאַרכשופטע געלוסטיגע פאַנ־טאַזיעס, דעריבער האָבן מענשן זיך געווענדט צום לעבעדיגן וואָרט, וואָס אין מויל פון די נביאים, וואָס האָט זיי געוועקט און דערהויבן.

צווייערליי נביאים זיינען געווען: נביאים פון טרויער און נביאים פון געלעכטער, און ביידע האָבן איין לערע געלערנט:

אַ בראַנד־פייער איז די וועלט, יעדער פאַרלאַנג פון אייער האַרץ איז אַזוי, ווי שטרוי אויפן פייער, און יעדעס באַגערן — אַ נייער פלאַם, וואָס פאַרצערט. ווייל אַ פאַרלאַנג געבירט אַ פאַרלאַנג, און באַגערן — באַגערן, און דער בראַנד איז גרויס און אָהן אַ סוף. צו וואָס מאַטערט זיך דער מענש צו דערפילן זיין האַרץ, און דאָס האַרץ ווערט קיינמאָל נישט פול, און דער גייסט ווערט קיינמאָל נישט זאַט. אַ קליינער פונק אין אייער האַרצן איז דער ווילן צום לעבן, און איר האָט אים אויפגעבלאָזן, און איצט זעהט! ער האָט זיך צעפלאַקערט, און איר שטייט אין מיטן די פלאַמען, און נישט קיין וואַסער האָט איר געבראַכט צו לעשן, נאָר האָלץ און שטרוי האָט איר צוגעלעגט.

אַזוי האָבן די נביאים געלערנט, און דאָס פאָלק האָט גע־האָרכט און גענומען זיך די רייד צום האַרצן.

האָט אַ נביא פון טרויער גערעדט, איז זיין קול געווען ווייך און ציטעריג און האָט זיך געגאָסן מיט פיל באַרעמהערציגקייט, אין אַזוי ווי די טענער פון אַ האַרפע, וואָס שווימען דורך דער פינסטערער נאַכט פון ערגעץ וייט, וייט, אַזוי האָבן זיך דעם נביאס ווערטער אַריינגעזאַפּט אין די הערצער און האָבן געגלעט און געהיילט. מענשן האָבן געהערט, און זייער האַרץ האָט זיך באַריינקט אויף זייער גורל, אויף זייער מאַטערניש, וואָס הערט קיינמאָל נישט אויף. און ווען דער נביא פון געלעכטער האָט גערעדט, איז זיין קול געווען קלאָר, ריין און דורכזיכטיג, אַזוי ריין, ווי דאָס קול פון אַ זילבערנעם גלאָק. נישט געשטראָפט, נאָר אויסגעלאַכט האָט ער די זינדיגע נאַרישקייט פון דער וועלט; פאָרעמווייז, פאָרעמווייז האָט ער צעגומען די נעץ, וואָס די פאַנ־טאַזיע האָט אויסגעוועבט אַרום דעם מענשליכן גייסט, כדי אים

צו פאַרפלאָנטערן און צו פאַנגען מיט פאַרשיידנאַרטיגקייט, מיט מיה און זאָרג. און מענשן האָבן געהאָרכט, און די ווערטער האָבן זיי דערקוויקט און דערפרישט.

יעדער נביא איז באַלד פון דער מאַמעס בויך באַשטימט געווארן פאַר זיין הייליג שליחות. די גוטע בשורה איז אָנגעזאָגט געוואָרן דער מוטער, ווי נאָר זי האָט אָנגעהויבן צו טראָגן, און אַז דאָס קינד איז אַרויס פון דער מוטערס שויס, האָט עס זיך באַלד געשטעלט אויף די פיס, געמאַכט זיבן טריט פאָראויס און האָט זיך אויסגעדרייט און געמאַכט נאָך דריי טריט און זיך געבוקט פאַר אַלע פאַרזאַמלטע. און מען האָט געזעהן: האָט זיך אַ קנייטש באַוויזן אויף זיין שטערן, איז עס געווען אַ סימן, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ נביא פון טרויער; האָט זיך אָבער אַ שמייכל באַוויזן אויף זיינע ליפן, האָט מען געוואוסט, אַז אַ נביא פון גלעלעכטער איז ער.

אויפן ברעג פון הייליגן גאַנגוס איז אין יענע צייטן געשטאַנען אַן אַלטע געביידע: די טעמפּלען פון גאָט פון טרויער און פון געלעכטער. אין דעם טרויער־טעמפּל איז מען אַריינגעגאַנגען דורך דער יבשה. ווער עס האָט געהייליגט זיין נשמה און זיין גוף לויטן געזעץ, האָבן אים די פּריסטער אַריינגעפירט אינעווייניג אַריין, האָבן אַראָפּגענומען דעם שלייער פון דער הייליגער געשטאַלט, און דער מענש האָט געזעהן אַ טרויעריג פּנים — אויגן, פול צער, און אַ שטערן, וואָס אַ שווערער וואָלקן פון געלייטערטער מיה־זעליגקייט איז געלעגן אויף אים. אָבער צום גאָט פון געלעכטער איז מען צוגעקומען דורכן וואַסער. צום ערשטן האָט זיך דער מענש געמוזט לאָזן אַליין אויף אַ שיפל דורך די כוואַליעס, וואָס האָבן האַסטיג געשלאָגן אויף יענעם אָרט. ער האָט געמוזט אַרויסווייזן אַ פאַראַכטונג צום טויט, און אַז ער איז בשלום דורכגעקומען דעם וועג, האָט ער זוכה געווען צו זעהן די הייליגע געשטאַלט פון גאָט פון געלעכטער, מיט זיינע טיפע גוטע אויגן, מיט די צוויי קנייטשן באַ ביידע זייטן פון מויל, און מיט די פיל קנייטשן פון שטערן, וואָס האָבן דערציילט פון טרויער, וואָס איז שוין אַריבער, פון לעבן און מיה־זעליגקייט, וואָס איז איבערוואונדן געוואָרן, פון בערג, וואָס זיינען אויסגעגלייכט גע־

וואָרן, און פון אָפּגרונטן, וואָס זיינען אויסגעפּילט געוואָרן מיט דעם אַש פון אַ האַרץ, וואָס פאַרצערט זיך אַליין.

אַ נביא פון טרויער, אַז ער איז אויפגעוואַקסן, האָט אים זיין וועג געפירט צו זיין גאָט; און אַ נביא פון געלעכטער האָט געמוזט בייקומען דעם שווערן נסיון, ביז ער איז געהייליגט גע־וואָרן צו זיין פאַר דעם גאָט פון געלעכטער.

נאָר ווי איז צו דעם נביא פון געלעכטער, וואָס האָט איינמאָל אין לעבן געזעהן דעם גאָט פון טרויער, און ווי איז צו דעם נביא פון טרויער, וואָס דאָס פּנים פון דעם פרעמדן גאָט איז פאַר אים אַנטפּלעקט געוואָרן. גרויס איז געווען זיין זינד אַנטקעגן זיין גייסט, און די זינד האָט קיינמאָל נישט געקאָנט אָפּגעווישט ווערן. פאַרוואָגלט איז ער געווען אויף דער ערד און פאַרשטויסן און פאַרשאָלטן אויף אַלע וועלטן.

אַלע האָבן דאָס געוואוסט.

II

און אַז די מוטער פון ראַיאַ־מאַנאָ, אַ פרומע פרוי און רייך מיט מעלות, איז מיט אים טראָגנדיג געוואָרן, איז צו איר געקומען אַ געטליכער מאַן איר אָנצוזאָגן די בשורה, אַז אַ נביא איז אין איר בויך.

און דער געטליכער מאַן האָט געזאָגט: אַ קליין וואָלקענדל זעה איך אויפגיין אויף דיין קלאָרן הימל, און אַ שוואַרצן פלעק זעה איך אויף דיין גליק רוהען, דו פרומע פרוי און רייכע מיט מעלות, נאָר קיין באַשייד ווייס איך נישט.

און זי האָט געבוירן אַ זון, און דאָס קינד האָט געשפּאַנט זיבן טריט פאָראויס און דריי צוריק און האָט זיך געבוקט, און אַ קנייטש האָט זיך געוויזן אויף זיין שטערן. האָבן אַלע געוואוסט, אַז אַ נביא פון טרויער איז געבוירן געוואָרן.

נאָר אַלע האָבן זיך געוואונדערט. אויף די ליפּן פון קינד האָט זיך אין דערזעלבער צייט באַוויזן אַ קליינער, קליינער שמייכל, קוים צו דערקענען.

אַז דאָס קינד איז אַנטוויינט געוואָרן, האָט אים די מוטער געבראַכט צום גאָט פון טרויער, מקריב געווען קרבנות לויטן געזעץ, און דאָס אינגל ראַיאַ־מאַנאָ איז אויפגעצויגן געוואָרן דורך די נביאים און פּריסטער צו זיין אַ נביא פון טרויער.

מיט דער צייט אָבער האָט מען דערקענט אין דעם קינד ווילדע סימנים, עס האָט געטראָפן, אַז ער האָט געקניט פאַר דער הייליגער געשטאַלט פון זיין גאָט, און זיינע אויגן זיינען אָפן געווען איינגעזאַפּן אין זיך דעם טרויער, וואָס האָט זיך צע־גאָסן פון דעם גאָטס אויגן, און אַ הייליגקייט האָט גערוהט אויף דעם קינדס פּנים, נאָר פּלוצלינג האָבן זיינע ליפּן אַ ציטער געגעבן, און עפּעס אַזוי ווי אַ דינער שמייכל איז אויף זיי דורכגעלאָפן.

דאָס האָט נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן, און אין די הייליגע ביכער איז וועגן דעם נישט פאַראַן געשריבן.

האָט מען געשיקט רופן זיין מוטער און מען האָט זי געפרעגט:

— דו פרומע פרוי און רייכע מיט מעלות, דו מאַמע פון נביא! זאָג! צי ביסט דו נישט געווען אין טעמפּל פון גאָט פון געלעכטער, וואָס פון דער זייט טייך? ווייל מיר וויסן נישט, וואָס מיט דיין זון איז, צי וועט ער אַ גרויס גליק אָדער אַ גרויס אומגליק ברייגנען די קינדער פון דער ערד.

און זי האָט דערויף געענטפערט:

— ניין. אין טעמפּל פון גאָט בין איך נישט געווען, נאָר אַ געטליכער מאַן האָט מיר געבראַכט די בשורה, אַז איך וועל געבוירן אַ נביא, און ער האָט געזאָגט: „איך זעה אַ שוואַרצן פלעק רוהען אויף דיין גליק״.

די פּריסטער האָבן אויסגעהערט, האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ און האָבן מיט גרויס זאָרג געקוקט אויף דעם אויפוואַקסנ־דיגן נביא.

זיי האָבן אים נישט געלאָזט אַרויסגיין אין דרויסן און אָנגעזאָגט האָבן זיי יערן, וועך ס׳רעדט מיט דעם קינד, נישט צו דערמאָנען דעם נאָמען פון גאָט פון געלעכטער פאַר אים, און ער זאָל נישט וויסן פון דער געטליכער געשטאַלט, וואָס שטייט מיטן פּנים געווענדט צו די רוישנדיגע כוואַליעס.

אַזוי איז דאָס קינד אויפגעצויגן געוואָרן, אָפּגעזונדערט און באַהאַלטן פון דער וועלט, אַליין מיט די הייליגע ביכער. און ער האָט דערצויגן זיין האַרץ מיט דעם ווייטיג פון אַלע וועלטן, מיט דעם גרויסן טרויער, וואָס איז אין אַלעם לעבעדיגן און אין אַלעם טויטן, און זיין קול איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג מער גע־לויטערט און האָט ציטעריג זיך געגאָסן, אַזוי ווי די טענער פון אַ האַרפע, וואָס שווימען דורך אַ פינסטערער נאַכט פון ערגעץ ווייט, ווייט.

נאָר קיין רוה האָט ער נישט געפונען, דער יונגער נביא. און עס האָט געטראָפן, אַז ער פאַרטיפט זיך אין געדאַנקען, און אים באַוועלטיגט דער גרויסער טרויער פון דער וועלט, און זיין נשמה צעגיסט זיך אין ווייכע ווייסע טענער, און די שכינה פון טרויער הויבט אָן צו רוהען אויף אים און שיינט אַראָפּ פון זיין געלייטערט פּנים, נאָר פּלוצלינג ציטערט עפּעס אַ ווילד פרעמדע סטרונע אין זיין האַרץ, אים רוכט זיך, אַז ער האָט ערגעץ געזעהן לאַכעריגע אויגן, אַ שפּאָטיש געזיכט און עפּעס אַ פרעמדע אומ־באַקאַנטע וועלט. וואו האָט ער געזעהן די אויגן? ווען האָט ער געלעבט אין יענער וועלט? און וואָס באַטייט דאָס אַנגען פון זיין האַרץ? און פון וואַנען קומט ער? און וואָס טוט ער דאָ און וואָס זוכט ער?

אַ קורצע ווײַלע האָט ער אַזוי געטראַכט, נאָר די רוהיגקייט פון זיין האַרצן איז פון אים אָפּגעטאָן געוואָרן אויף גאַנצע טעג און וואָכן.

און טיילמאָל האָט אַ פּלוצלינגע גרויסע שרעק איבערגעריסן זיין שלאָף באַנאַכט; זיין האַרץ האָט האַסטיג געקלאַפּט. דעם גאָט פון געלעכטער האָט ער געזעהן אין חלום און ער האָט זיך געשראָקן פאַרן פּנים, און זיין האַרץ האָט דאָך געצויגן צו אים, און די נשמה זיינע האָט געבייגקט נאָך אים.

און אַמאָל באַנאַכט, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אַזוי אין זיין גרויסער שרעק, האָט ער אויפגעוועקט דעם עלטסטן פון די פּריסטער און האָט פאַר אים געעפנט זיין האַרץ:

— פאַרטיפט אין געדאַנקען פון גרויסן טרויער בין איך איינ־געשלאָפן — האָט ער דערציילט — נאָר אין חלום האָט זיך צו

מיר באַוויזן אַ גרייז־גראָהער מאַן, אַזוי רוהיג איז ער געווען, שפּעטיש, און געלעכטער פול... און ער האָט אויף מיר געקוקט מיט זיינע אויגן...

— וואָס פאַר אַ אויגן זיינען דאָס געווען? — האָט דער אַלטער באַרינער פון גאָט געפרעגט.

— גוטע, טיפע און פול פרידן און פול רוהיגקייט... און אַ שפּאָט, אַזאַ גרויסער שפּאָט איז געלעגן אין זיי... און אויף די ליפּן אַ געלעכטער... אַזאַ געלעכטער, וואָס נעמט דורך אַ מענשן... איך שרעק מיך, הייליגער מאַן! אַ בייזער גייסט פּלאָגט מיך, העלף מיר, געטליכער מאַן.

איז דער אַלטער אויפגעשטאַנען פון זיין געלעגער אין מיטן דער נאַכט, האָט צוגעפירט דאָס אינגל צום פייער, וואָס ער האָט אָנגעצונדן, און האָט לאַנג באַטראַכט זיין פּנים, ביז ער האָט דערזעהן צוויי קליינע, רינע געלעכטער־קנייטשן פון ביידע זייטן פון זיין מויל.

„שרעקליך!" האָט ער געטראַכט באַ זיך אין האַרצן, נאָר דעם אינגל האָט ער גאָרנישט געזאָגט; נישט ער האָט אים געטרייסט און נישט ער האָט געפּרובט צו שטילן זיין אַנגסט.

---

## III

איינמאָל איז ראַיאַ־מאַנאָ געווען אַליין באַטאָג צווישן די ליידיגע דיקע פיר ווענט פון טעמפּל און האָט צוגענויגט זיין אויער צו די הערן, ווי די כוואַליעס רוישן אין דרויסן. געדוכט האָט זיך, אַז אין דרויסן געשיט עפּעס אַ וויכטיגע זאַך; שיפלאַך קומען און גייען אָפּ; אים האָט זיך געדוכט צו הערן אַזוי ווי אַ רודערן פון פיל שיפלאַך און טריט פון מענשן, וואָס שפּרינגען אַרויס פון וואַסער אויף אַ האַרטער מאַרמאָרנער מויער. דער אַלטער לערער זיינער איז דעם טאָג געווען באַטריבט, און מיט אַ שטאַרקער זאָרג האָט ער געקוקט אויף דעם אינגל.

„היינט וועט עפּעס געשען“, האָט ער געטראַכט, נאָר דעם אַלטן האָט ער גאָרנישט געזאָגט און גאָרנישט געפרעגט. פון יענער נאַכט אָן זיינען זייערע הערצער פאַרפרעמדט געוואָרן איינס צום צווייטן. דער יונגער נביא האָט מער נישט אויסגע־רעדט, וואָס באַ אים אויף דער נשמה, פאַר דעם אַלטן, און אויך דער אַלטער האָט מער נישט געשמועסט אַזוי פאַרטרויט ווי פריהער מיט אים; נישט ער האָט אים געקושט ווי אַמאָל, נישט ער האָט געגלעט זיינע לאָקן מיט זיין ציטעריגער אַלטער האַנט, און היינט זיינען זיי זיך געשטאַנען נאָך מער פרעמד, נאָך מער ווייט איינער פון אַנדערן.

און באַנאַכט איז ראַיאַ־מאַנאָס שלאָף פאַרוואָגלט געוואָרן, האָט ער אָנגעשטריינגט זיין געהער אויפצוהאָרכן יעדן קלאַנג, יעדן מינדסטן ריר פון דרויסן. דורך דער לאַנגער צייט, וואָס ער איז דאָ אויפגעצויגן געוואָרן און איז געווען אַליין מיט די פיר ווענט, מיט זיין איינענעם גייסט און מיט די הייליגע ביכער — זיינען זיינע אויערן פאַרפיינערט געוואָרן אויפצוכאַפּן דעם לייכסטן ווידער־קול פון דערווייטן, כאָטש דיק און פעסט זיינען געווען די ווענט. און געאַנט האָט ער, אַז דאָס פאָלק אין דרויסן ריכט אָפּ איצט אַ גרויסע דינסט צו אַ גאָט, וואָס ער ווייס נישט און קען נישט. און קענגן האַלבער נאַכט איז שטיל געוואָרן דאָס גערודער אין דרויסן, און ראַיאַ־מאַנאָן האָט זיך גערוכט צו זעהן, ווי אַ גרויסע מענגע זינקט אַנידער אויף די קני און בעט אַ שטיל געבעט. און נאָך דער שטילקייט האָבן טענער פון הייליגע גע־זאַנגען גענומען ציטערן אין דער לופט. איינמאָל אין יאָר פלעגט אַזאַ דינסט אָפּגעריכט ווערן אויך דאָ, צום גאָט פון טרויער, און אויך דעמאָלט האָט מען געקניט ביז האַלבער נאַכט, און דערנאָך האָבן געזאַנגען אונטערגעבראָכן די שטילקייט. נאָר גאָר אַנדערש זיינען געווען די געזאַנגען, וואָס ער האָט איצט געהאָרכט, פון יענע, וואָס זיינען דאָ געזונגען געוואָרן. פון אַנדערע קוואַלן האָבן זיי געשטאַמט און צו אַנדערע ימים זיינען זיי געפלאָסן. נישט יענע געזאַנגען זיינען דאָס געווען מיט די אויסגעצויגענע טע־נער, די גלייכע און שטייפע, וואָס זיינען ווי פאַרגליווערט געוואָרן אין זייערע גרעניצן. איצט האָבן זיי געשטיפט, געלאָפן און

געיאָגט איינער דעם אַנדערן און האָבן זיך פאַרוויקלט און אויפ־געוויקלט אין טאַנץ פון אַ צעהוליעט געמיט, און אַ שטערן צו אַ שטערן האָט געוואונקען, און די זון צו דער לבנה האָט געלאַכט אין די נייע מעלאָדיעס.

און דער יונגער נביא האָט צוגעפּרעסט זיין אויער צו דער וואַנט, און זיין גייסט האָט דורשטיג געטרונקען די נייע געזאַנגען. עפּעס אַ מין שכרות האָט געשטעקט אין זיי, וואָס האָט באַרוישט און האָט פאַריאָגט דעם גרויסן טרויער, און האָט זיך איינגעזאַפּט אין גייסט, אין יעדע איינציגע צעלע פון דער נשמה, און האָט זי צעלעגט און פאַרדאָרבן. נאָר זיס איז געווען דער גיפט! אַן אָפּקלאַנג פון נייע וועלטן האָט ער געבראַכט מיט זיך, און אַ טרייסט און אַ גוטן צוזאָג פאַר דער צעשטערונג, וואָס ער צעשטערט. אַזוי איז ראַיאַ־מאַנאָ געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט און געהאָרכט אָהן אויפהער.

און קעגן פריהמאָרגן, ווי נאָר דער הימל איז בלאַס געוואָרן אויף מזרח־זייט, האָבן די געזאַנגען אויפגעהערט, און אַ שווערע שטילקייט האָט זיך געלעגט אויף אַלץ אַרום. רעמאַלט איז אַ גרויסע שרעק באַפאַלן דאָס קינד, אַליין איז ער געבליבן מיט זיין פאַרוויסטער צעשטערטער נשמה, ער האָט אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין, און די שיינע לאָקן פון זיין קאָפּ האָט ער געריסן מיט זיינע הענט פון גרויס ווייטיג.

— וואָס איז דיר? — האָט דער אַלטער געפרעגט דערשראָקן.

— איך האָב געהערט, איך האָב אויפגעהאָרכט — האָט ער געשטאַמלט — אַ גאַנצע נאַכט. אַ יום־טוב איז געווען אין דרויסן, אַ יום־טוב פון אַ גאָט, וואָס איך ווייס אים נישט... מיין האַרץ איז פאַרוויסט, מיין נשמה — צעשטערט, זאָג, אַלטער, זאָג מיר, וואָס באַטייט דאָס, וואָס האָב איך געהערט, ווייל מיין אַנגסט איז גרויס, און איך וועל שטאַרבן פון איר.

—וואָס האָסטו דען געהערט? — האָט דער אַלטער איבער־געפרעגט.

— געזאַנגען האָב איך געהערט, הייליגע לידער צו אַ פרעמדן גאָט...

— וואָס פאַר אַ געזאַנגען?

— זיי האָבן געלאַכט, געשפּעט, האָבן געשטיפט און זיך פאַר־וויקלט אין אַ ווילדן טאַנץ, און טיף אין דער נשמה האָבן זיי איינגערדרונגען זי צו צעשטערן און זי אויף דאָס נײַ צו בויען, און איך האָב געהאָרכט, אַ גאַנצע נאַכט אויפגעהאָרכט, און זייער כּשוף האָט מיך געפאַנגען. און מיר האָט זיך געדוכט, אַז גאַנצע מחנות פון ווייסע טויבן און גאַנצע מחנות פון שוואַרצע קראָהען פליהען, דרייען זיך איבער מיין קאָפּ אַ גאַנצע נאַכט ביז פריה־מאָרגן... איצט בין איך געבליבן עלנט ,פאַרוויסט, אַליין, פאַר־לאָז מיך נישט, פאָטער מיינער!

דער אַלטער אָבער האָט גאָרנישט געענטפערט, ער האָט אים נישט געטרייסט און האָט נישט גערערט צו זיין האַרץ צו לינדערן זיין אַנגסט, נאָר ער האָט געשוויגן און געשאָקלט מיט דעם גראָהען קאָפּ.

און ראַיאַ־מאַנאָ איז געפאַלן צו זיינע פיס, געקושט די שטויב פאַר דעם אַלטן און געוויינט און געבעטן:

— פאַרלאָז מיך נישט, אַלטער. זעה: מיין יונג האַרץ קאָן נישט איבערטראָגן די גרויסע לאַסט פון בּיינקשאַפט. זעה: מיין אַנגסט פאַרצערט מיך פון טאָג צו טאָג, און דו האָסט דיין טרייסט פון מיר דערווייטערט, און וואָכן שוין האָבן דיינע טרוקענע ליפּן מיך נישט געקושט, און דיינע דאַרע פינגער האָבן שוין לאַנג נישט געגלעט די האָר פון מיין קאָפּ, און גרויס איז מיין וויטיג, און איך האָב קיין אויסגאַנג נישט. און דאָרטן, דרויסן, איז אַן אַנדערע וועלט, אַנדערע געזאַנגען. פאַרוואָס פאַרבאָרגסט דו פון מיר די נייע וועלט? וואָס פאַר אַ סוד באַהאַלטסטו, אַלטער, אין דיין האַרץ פון מיר? העלף מיר, הייליגער פאָטער ,העלף! זאָג!

דער אַלטער האָט אים שטיל אויסגעהערט, האָט פאַרלעגט זיינע הענט אויף דער ברוסט און האָט געענטפערט:

— איך קאָן דיר גאָרנישט זאָגן, מיין קינד. אַ גרויס געפאַר שוועבט איבער דיין יונגען קאָפּ, און איך קאָן נישט העלפן.

---

# IV

און עס איז אָנגעקומען די צייט, ווען ראַיאַ־מאַנאַ האָט מער נישט געקאָנט באַוועלטיגן זיין פאַרבייגקט האַרץ. באַנאַכט האָט ער שטיל פאַרלאָזט די פיר ווענט און האָט זיך אַרויסגע־גנבעט אין דרויסן, באַהאַלטנדיג זיך אַזוי, ווי אַ גנב אָדער אַ פאַרברעכער. מיט דער פולער ברוסט האָט ער איינגעאָטעמט די פרישע לופט, און זיינע אויגן האָט ער דערהויבן צו דער טיפער בלאָהקייט פון הימל, צו די שאַרן פון גרויסע און קליינע שטערן און צו די פאַרנעפּלטע פלעקן פון דעם מילך־פאַס אין הימל, און ער האָט זיי געזעהן, נאָר זיין גייסט האָט זיי נישט אויפ־גענומען, און ער האָט זיי נישט איינגעוועבט אין דעם געוועב פון זיין נשמה. פרעמד, אָפּגעזונדערט און נישט־געבונדן איז אים אַלץ אויף דער וועלט געוואָרן, זינט דער וואָרעם פון צווייפל האָט גענאָגט זיין האַרץ. אַ גאַנצע נאַכט איז ער געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ מיט דעם ברעג פון הייליגן טייך גאַנגוס, און יענע פרעמדע געזאַנגען האָבן געקלונגען אין זיין נשמה. און באַ דעם ערשטן שיין פון פריהמאָרגן האָט ער דערזעהן דעם טעמפּל, וואָס זיין טויער איז אָפן צום וואַסער צו, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז די וואוינונג פון דעם פרעמדן גאָט.

און אַ נאַכט דערנאָך האָט ער זיך שוין געלאָזט מיט אַ שיפל אויף די רוישנדע כוואַליעס און איז בשלום צוגעקומען צום טויער. מיט אַ ציטעריגער האַנט האָט ער אַראָפּגענומען דעם שלייער פון דער הייליגער געשטאַלט, און פאַר זיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דער גאָט פון געלעכטער, וואָס איז געשטאַנען רוהיג און האָט אָנגעקוקט דאָס קינד מיט זיינע לאַכעדיגע אויגן. אַ גרויסע אַנטציקונג איז באַפאַלן דעם יונגען נביא, און ער איז געפאַלן אויף די קני און אַרומגענומען מיט זיינע הענט די פיס פון דעם הייליגן גאָט. אָט דאָס האָט ער דאָך אַזוי לאַנג געזוכט, די געשטאַלט האָט זיך דאָך צו אים באַוויזן אין חלום! און אַזוי, ווי אַ מענש, וואָס מען האָט אַראָפּגעריסן אַ הייטל פון זיינע אויגן צו זעהן די ליכטיגע וועלט, אַזוי איז ראַיאַ־מאַנאָן איצט

אויפגעגאַנגען אַ נייע ליכטיגקייט און אַ נייע וועלט. אין דעם הייליגן פּנים, אין די קנייטשן פון זיין שטערן איז שוין פאַרזאַמלט געווען דער גאַנצער ווייטיק פון דער וועלט, דער גרויסער טרויער איז געווען אין זיי, נאָר זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גע־לעכטער. דער שמערץ פון דער וועלט האָט אַרויסגעלאַכט פון די אויגן, און דער גרויסער ווייטיק און דער גרויסער טרויער. די גאַנצע וועלט מיט איר נעץ פון פאַרשיידנאַרטיגקייט איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אויף געלעכטער. אַזוי איז ראַיאַ־מאַנאַ געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט און האָט דאָרשטיג געטרונקען דעם געלעכטער, וואָס איז געפלאָסן פון די געטליכע אויגן און האָט פאַרוואַנדלט זיין האַרץ.

און יעדע נאַכט פלעגט ער קומען צו רינען אַליין זיין נייעם גאָט, צו טרינקען פון זיין טיפן קוואַל, און זיין גייסט איז נישט זאַט געוואָרן טרינקענדיג.

איין נאַכט אָבער איז געשען אַ ווילדע זאַך:

ראַיאַ־מאַנאַ האָט געקניט פאַר זיין גאָט מיט לויב און גע־זאַנג, און ער האָט זיך מיט זיין גוף און זיין נשמה באַהעפט צו אים און צוגעצויגן געוואָרן צו אים, אַזוי ווי אייזן, וואָס ציהט זיך צום מאַגנעט, און ער האָט געקושט דאָס הייליגע בילד און אַרומגעוויקלט זיינע הענט אַרום אים, און דאָ האָבן זיינע הענט דערשפּירט, אַז אויך פון דער צווייטער זייט איז דאָס בילד דאָס זעלבע. פּאַמעליך איז ער אַרומגעגאַנגען און געבליבן שטיין פון דער צווייטער זייט און האָט דערזעהן — די באַקאַנטע געשטאַלט פון גאָט פון טרויער. שרעקליך איז דאָס געווען צו זעהן: איין קערפּער איז דאָס געווען מיט צוויי פּנימער, און די צוויי פּנימער זיינען געווען גלייך: איין אויסזעהן, איין געשטאַלט, נאָר וואָס דאָ האָט דאָס געשטאַלט געלאַכט, און דאָרט — געטרויערט.

און ראַיאַ־מאַנאַ האָט געזעהן, וואָס קיין שום נביא און קיין שום הייליגער פאַר אים האָט נישט געזעהן: ער האָט געזעהן דעם טאָפּלטן גייסט, די געטאָפּלטע פאָרם: דאָס לאַכן און דאָס טרויערן, וואָס פליסן פון קוואַל פון איין איינציגן גאָט.

פון דעמאָלט אָן אָבער איז ראַיאַ־מאַנאַ געוואָרן פאַרוואָגלט אויף דער וועלט, און זיין גייסט האָט נישט געוואוסט מער פון רוה.

אַ נביא איז ער געווען און פאַר אַ נביא איז ער געהיילינט געוואָרן פון זיין מוטערס בויך, נאָר דאָס פאָלק האָט אים נישט געקענט, האָט אים קיין כבוד נישט אָפּגעגעבן און האָט נישט געשעפּט פון זיין גייסט.

עס האָט געטראָפן, אַז ראַיאַ־מאַנאַ פּרעדיגט פאַרן פאָלק, זיין פּנים לאַכט, און זיין געשיקטע צונג מאַכט צו שפּאָט און צו געלעכטער די גאַנצע זאָרג און די גאַנצע מיה־זעלינקייט פון מענשן און געטער פון אַלע צייטן, זיין קול קלינגט אַזוי, ווי דער קלאַנג פון אַ זילבערן גלעקל, און דער ווייטיג לאַכט, און דער שמערץ לאַכט. נאָר אין מיטן דערהערט זיך אַן אָפּקלאַנג פון גרויסן טרויער, און זיין נשמה צעגיסט זיך פּלוצלינג אין ווייכע פאַרבייזנקטע ווערטער... הערט דאָס פאָלק און ווייס נישט, וואָס דאָס זאָל באַדייטן.

אָדער ער שטראָפט און וועקט די הערצער און קלאָגט זיך אויף דעם מאַטערניש פון דעם מענש און פון אַלעם לעבעדיגן, און אַזוי ווי די טענער פון אַ האַרפע, וואָס שווימען דורך דער נאַכט פון ערגעץ ווייט, ווייט, אַזוי ציטערט זיין קול ,און דער גרוי־סער טרויער צעגיסט זיך פון זיין גייסט, און פּלוצלינג פאַרוואַנדלט זיך זיין גייסט, ענדערט זיך דער אויסדרוק פון זיין פּנים, און אַ גערויש פון געלעכטער פאַרדעקט דעם טרויער... הערט דאָס פאָלק און ווערט בייז, וואָס די שיינע מעלאָדיע איז איבערגעריסן געוואָרן, אויף דעם נביא, וואָס קאָן נאָר שפּאַלטן די גייסטער.

— דאָס איז קיין נביא נישט, נאָר אַ משוגענער — האָט דאָס פאָלק געזאָגט.

און אַז ער האָט אויפגעהויבן זיין קול צו ריידן, האָבן די קינדער פון אים געשפּעט און באַוואָרפן אים מיט שמוץ.

איז ער אַנטלאָפן, דער נביא, פון ישוב און מיט די אַסקעטן אין דער מדבר האָט ער געוואוינט און ער האָט, ווי זיי, געפּייניגט און געלייטערט זיין גוף, און גאַנצע טעג פּלעגט ער קוקן אָהן אויפהער אויף דער ברענענדיגער זון, כדי די אויגן זאָלן אים שמערצן, ער זאָל זיך געוויינען איבערטראָגן אַלע פּיין שטום און געדולדיג, אַזוי ווי די אַסקעטן לערנען, נאָר אַ הייליגער איז ער נישט געוואָרן. אין מיטן פון זיין אַסקעטריי איז אים באַפאַלן

דער גייסט פון געלעכטער, און קוקנדיג צו דער זון, האָבן זיינע פּאַרוויטינגטע אויגן געלאַכט פון שמערץ, פון דער וועלט, פון אַסקעטעריי.

און צו די נביאים פון געלעכטער איז ער געגאַנגען און עס האָט אים נישט געהאָלפן. ווייל אין מיטן לאַכן איז אים באַפאַלן דער גייסט פון טרויער, און זיין קול האָט אָנגעהויבן ציטערן און בּיינקען.

אַזוי האָט ראַיאַ־מאַנאָ אָפּגעלעבט זיינע יאָרן, מיט קיינעם נישט באַהאָפטן, אָהן פריינט און געליבטע, עלנט און פאַר־לאָזט, געיאָגט און געלעסטערט פון די יונגען פון דער גאַס.

ער האָט געזעהן די טאָפּלטע געשטאַלט און איז זיין גאַנץ לעבן אָפּגעקומען פאַר זיין זינר.

און אַז ער איז געשטאָרבן, האָט מען אים נישט באַקלאָגט און מען האָט אים נישט באַגראָבן צווישן די נביאים, און מען האָט נישט דערמאָנט זיין נאָמען צום גוטן. נאָר איין קלוגער מאַן האָט דערמאָלט געלעבט אין לאַנד, וואָס האָט באַרייזט פיל לענדער און האָט געזעהן פיל פעלקער און געזאַמלט אומעטום וויסנשאַפט, און ער האָט געזאָגט:

— ניט אָפּ כּבוד דעם נאָמען פון ראַיאַ־מאַנאָ. ער האָט געטראָגן דעם גרעסטן וויטיג פון גייסט.

---

דער לעצטער ווינטער האָט אָנגעוואָרפֿן אויף די טאָשלינער איינוואוינער אַ גרויסע מרה־שחורה. אַלע וועגן אַרום דעם קליי־נעם שטעטל זיינען געווען פֿאַרוואָרפֿן מיט שניי, און די בעלי־עגלות פֿלעגן אָפּט אַראָפּ פֿון וועג און בלאָנדזשען. אויף די דערפֿער, האָט מען דערציילט, פֿאַלן באַנאַכט אָן הונגעריגע וועלף און צערייסן, וועמען זיי טרעפֿן. עפּעס אין אַ וואַלד האָבן גזלנים דערהרגעט דעם שרייבער מיט דער גאַנצער פֿאַמיליע. פּויערים האָבן זיך געפֿוילט צו קומען אין שטאָט אַריין, די געשעפֿטן זיינען געשטאַנען, עס איז געווען טויט און טרויעריג.

שווערער פֿאַר אַלעמען האָט דער ווינטער געטראָפֿן שמואל קאָצקער. צו הונגער און קעלט איז ער אַפּילו געווען געוויינט. אין זיינע גאַנצע זיבעציג יאָר האָבן זיך געפֿונען נאָר ווייניג טעג, ווען ער האָט נישט געוואָלט ברויכן אַ גילדן־צווייּ זעהר נויטיג. געווען איז ער אַ שרכן, נאָר קיין שרוך, אַזוי רעדט מען אין „שטיבל“, האָט ער נאָך צייט ער לעבט נישט אויסגעפֿירט; דערפֿאַר האָט ער באַ יערן שרוך געכאַפּט עפּעס. ווען אַ שרוך האָט שוין געהאַלטן באַם אויסגעפֿירט ווערן, ווען אין שטיבל האָט מען שוין פֿון אים געגערעדט אָפּן, איז שמואל דעמאָלט צוגעגאַנגען צו איינעם פֿון די מחותּנים, האָט אים אַוועקגעפֿירט אין אַ זייט און האָט אים איינגערוימט אַ סוד אין אויער — דעמזועלבן שרוך, וואָס האָט שוין געהאַלטן אויסגעפֿירט צו ווערן. דער מחותּן, אויב ער איז נאָר נישט געווען קיין גרויסער נאַר, האָט פֿאַר־שטאַנען, אַז מען ברויך צו שווייגן און האָט געשוויגן. דערנאָך האָט מען געוואוסט, ברויך מען שמואל קאָצקער צו געבן אַ רובל־צוויי,

און ער בּרויך צו שרייען, צו זידלען, צו שעלטן, אַז מען רײַסט אים אויס. און צו שרייען, זידלען און שעלטן זיינען אַלע שוין געווען צוגעוווינט. דער גבאַי פון שטיבל, בּאַ וועמען שמואל האָט גענומען „כּוללות", איז שוין אַזוי געוווינט געווען צו הערן זיך שעלטן פון שמואלן, אַז עס האָט אויף אים שוין גאָר קיין איינדרוק נישט געמאַכט: ער פלעגט שטיין און ריידן מיטן ווייב וועגן מסחר, און שמואל פלעגט דערבּיי שעלטן, וואַרפן זיך, קלאַפּן אין טיש אַריין און מאַכן געוואַלדן, אַז ער איז אַ איד אַ חסיד, אַ קאָצקער חסיד, אַז דרך־ארץ זאָל מען האָבּן פאַר אים, און — גאָרנישט. ער האָט צום סוף צוגענומען די צוויי גילדן און איז אַרויס־געגאַנגען. ראָך ער אַליין, שמואל קאָצקער, איז מיט דעם שעלטן נישט געוווינט געווען. יעדעס מאָל האָט ער זיך געפילט בּאַליידיגט נאָר אויף ס'ניי, איז געוואָרן אויפגערעגט און האָט גערזידלט און קולות געמאַכט מיטן גאַנצן האַרצן... און אַזוי, אָדער כּמעט אַזוי, שטענדיג אויפגערעגט, שטענדיג מלחמה האַלטנדיג מיט אַלע און קעגן אַלע, האָט ער דערלעבּט בּיז זיבּעציג יאָר, נישט וויסנדיג, אַז ער ווערט אַלט, אַז ער לעבּט בּכלל... אינגאַנצן האָט דאָס אויסגעזעהן עפּעס ווי אַ פאָרבּרייטן זיך, עפּעס אַ איבּערקומעניש, כּדי אָנהויבּן צו לעבּן, — בּיז צום לעצטן ווינטער, ווען ער איז געוואָרן שוואַכער און קעלטער. דערצו איז מען פלוצלינג געוואָר געוואָרן, אַז ער איז אַלט זיבּעציג יאָר.

דאָס איז געווען בּשעת דער זון זיינער איז געשטאַנען צום פּריזיוו, און אין פּריסוטסטוויע האָט מען אויסגערופן בּפירוש: „שמול יאַנקעליעוויטש סיעמדיעסאַט ליעט". די גאַנצע שטאָט איז געוואָר געוואָרן דעם סוד, וואָס שמואל האָט בּאַהאַלטן פון זיך אַליין, און די איבּערראַשונג פון דעם נייעס איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט אומעטום גערעדט און געשמועסט נאָך דערפון. קיינעם האָט נישט געקאָנט איינפאַלן, אַז דאָס ניכע פלינקע אידל מיט דעם קליינעם בּערדל, וואָס מען קאָן דערויף נישט זאָגן, צי ס'איז גראָה, צי בּרוניג נאָר אָהן שום קאָליר, אַז אָט דער שמואל, וואָס איילט זיך שטענדיג און לויפט שטענדיג, און קריגט זיך, און הערט קיין מינוט נישט אויף צו רודערן —

איז שוין אַ בן־שבעים, אַ איד אַ זקן, פאַר װעמען מען װאָלט אייגנטליך געבּרויכט צו האָבּן דרך־ארץ.

— אַזוי, שמואל? דו בּיסט שוין, קיין עין־הרע, אַ איד אַ זקן? אר־װאַ! — האָט מען אים בּאַגעגנט אין שטיבּל.

— אַ מעשה! אָבּער אַ מעשה! — האָט מען זיך געחדושט פון אַן אַנדערער זייט, — מען בּרויך זיך גאָר אויפצושטעלן פאַר דיר!

און װאו ער איז געגאַנגען, האָט מען אים אַלץ בּאַגעגנט מיט אַזעלכע פראַגעס. שמואל האָט געפּרובּט צו שמייכלען, געענטפערט נישט צו דער זאַך און האָט גערעכנט, אַז בּאַלד װעט מען דערין פאַרגעסן, און אַלץ װעט זיין װי פריהער. ער האָט אָבּער אַ טעות געהאַט.

אַז מען האָט אים געזעהן לויפן איבּער דער גאַס, האָט מען זיך געחדושט און אונטערגעבּרומט „קיין עין־הרע, אַ איד אַ זקן"; אַז ער האָט געשריגן און געזידלט אַלע, האָט מען אים דערמאָנט זיינע זיבּעציג יאָר, און אַז מען האָט בּאַמערקט, אַז ער װיל דערפון נישט ריידן, האָט מען זיך געװיצלט אויף זיין חשבּון:

— װאָס איז די חרפּה? — האָט אַמאָל אין שטיבּל זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל איינער אַ קעסט־יונגערמאַן, אַ גרויסער שטיפער — װאָס איז די עולה, מיינסטו, שמואל? נאָר דאָס בּערדל דיינס איז עפּעס נישט גראָה, אָט דאָס איז אַ קשיא!

און ער האָט אָנגענומען שמואלן פאַרן בּערדל אויפן חסידישן שטייגער.

אַן אַנדערש מאָל און בּאַ אַנדערע געלעגנהייטן װאָלט שמואלן נישט איינגעפאַלן זיך צו פילן בּאַליידיגט: איצט אָבּער האָט דאָס אים געבּראַכט שרעקליך אין כּעס אַריין, און ער האָט געשריגן:

— שייגעץ! פּושע־ישראל! אַ איד אַ למדן, אַן אַלטן חסיד! װאָס מיינסט דו דאָס דיר?! מיך — פאַר דער בּאָרד?! פּעטש װעסט דו קריגן! אַרויס פון שטיבּל, אַרויס, שייגעץ!

און די מעשה װאָלט זיך אַוודאַי געענדיגט מיט פּעטש, װען מען זאָל שמואלן נישט אָפּהאַלטן מיט כּח. — עס איז געבּליבּן,

אַז דער יונגערמאַן זאָל שטעלן פֿאַר אַ קנס בראַנפֿן, און בּאַם לחיים טרינקען האָט מען שמואלן געוואונשט אַ גוטע עלטער.

אָט אַזוי האָט שמואל דעם ווינטער פֿלוצלינג דעם קוראַזש פֿאַרלוירן און האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפֿינען. אַלעם איז געוואָרן עפּעס אַנדערש; מען האָט מיט אים גערעדט אויף אַן אַנדער אופֿן, ער האָט אַנדערש געענטפֿערט; יונגעלייט האָבּן אים אָנגעהויבּן צו אירצן; דער גבּאַי פֿון כּוללות האָט שוין נישט געשוויגן, ווען שמואל האָט געזידלט און געשריגן; אַדרבּה, ער האָט אים געפּרובּט איינצוגעמען מיט ווייכע רייד:

— וואָס קאָן מען טון, ר׳ שמואל? ס׳איז דאָך נישטאָ פֿון וואַנען? אַ איד ווי איר, פֿאַרשטייט דאָך אַליין.

די רייד האָבּן אָבּער צו שמואלן גאָרנישט געפּאַסט, ער איז נישט געוויינט געווען צו ענטפֿערן אויף זיי, און ער האָט בּשום אופֿן נישט געקאָנט אַריינגיין אין די ראָלע פֿון אַ איד אַ זקן, און האָט זיך געפֿילט ערגער און טרויעריגער פֿון טאָג צו טאָג. די פּיס זיינע האָבּן אים אַלץ נאָך געטראָגן געשווינד, ער האָט געוואָלט איילן, לויפֿן און שרייען, ווי געוויינליך, אין מיטן אָבּער האָט אים איבּערגעשלאָגן דער געדאַנק, אַז ער איז אַ איד אַ בּן־שבעים, און ער האָט דעם מוט פֿאַרלוירן. די פּיס און די הענט זיינען אויף דעם געדאַנק ווי מיד און פֿויל גע־וואָרן, דאָס קול נידעריגער, און ער האָט שווער אָפּגעזיפֿצט.

— ווען און וואו האָט ער דאָס אָפּגעלעבּט זיבּעציג יאָר? — האָט אים נישט אויפֿגעהערט צו נאָגן אַ געדאַנק אין קאָפּ. — האַ, לאָמיך זיך נאָר דערמאָנען.

נאָר דערמאָנען זיך האָט שמואל נישט געהאַט וואָס, חוץ נויט, קעלט, געשרייען פֿון קליינע קינדער, צרות פֿון די דער־וואַקסענע, קללות פֿון זיינע צוויי ווייבּער, וואָס זיינען שוין בּיידע געשטאָרבּן, שטענדיגע געשרייען און לויפֿן און איילן צו זוכן אַ גילדן, און אַפֿילו אויף עולם הבּא, דעם אמת זאָגנדיג, ווייניג געזאָרגט.

אין די לאַנגע ווינטער־נעכט האָט ער געפּרובּט צו עפֿענען אַ גמרא, און איז געוואָר אַ שרעקליכן סוד: ער האָט פֿאַרגעסן אָדער גאָר קיינמאָל נישט געקענט לערנען.

און דער ווינטער איז געלעגן אויפן שטעטל ווי אַ שווערע משא. קיינער האָט זיך מיט שמואלן נישט אינטערעסירט, קיינער האָט נישט באַמערקט, אַז זיין פּנים ווערט פון טאָג צו טאָג געלער, און דער גוף — געבוינענער. ער האָט שוין אָנגעהויבן צו בעטן אַ צענער אויף אַ וועטשערע, שטיל, געלאַסן, און שטיל געלאַסן האָט מען אים אַ סך מאָל אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך נאָך געפּרובט צו ביי זערן אויפן אַלטן שטיינער, נאָר די ווערטער האָבן זיך נישט געקלעפּט, און מען האָט אויף אים מאָרנע געקוקט. פיל נעכט איז ער אַהיים געקומען הונגעריג, אין שטוב איז געווען קאַלט מוראָדיג, און די שווערד פון מלאך־המות האָט געפּאָכעט אין דער לופט.

און איין פריהמאָרגן איז שמואל נעלם געוואָרן פון שטאָט. נעגאַנגען אויף דער עלטער אָפריכטן גלות.

---

# יחזקאל קאַטיק / מיינע זכרונות

(פיר בענד)

מיר ברייִנגען דאָ אייניגע אויסצוגן פון שלום־עליכמס אַ בריוו צו י. קאַטיק:

...איך האָב גענומען לייענען אייערע „זכרונות", און וואָס זאָל איך זאָגן? איך געדיינק שוין ניט דאָס יאָר, וואָס איך זאָל אזוי פיל הנאָה האָבן, אזוי פיל תענוג — אמתער תענוג רוחני! דאָס איז ניט קיין בוך — דאָס איז אן אוצר, א גאָרטן, א גן־עדן, פול מיט בלומען און מיט פויגלגעזאנג. עס האָט מיר דערמאָנט מיין יוגנט, מיין משפחה, מיין חדר, מיינע ימים־טובים, מיינע חלומות, מיינע טיפּן, ניין! איך מיט מיין בינטל טיפּן און בילדער, וואָס כ'האָב א סך פון זיי געקענט און א סך אויסגעטראכט, בין איך, זאָג איך אייך אָהן שום חניפה אָדער פאלשע עניוות, — אקעגן אייך אן אָרים יינגל, א קבצן! מיט אייערע איבערלעבונגען און אייער משפּחה וואָלט איך ביז איצט די וועלט פארפלייצט! געוואלד, וואו זענט איר געווען ביז אהער? א מענש פארמאָגט אזוי פיל בריליאנטן, דימענטן און פערל און גאָרנישט! א ייד גייט ארוים און „קלייבט רענדלאך" און זאָל עס אפילו דערמאָנען עמיצן, אז עס געפינט זיך בא אים אזא אוצר! איך האָב גענומען לייענען און ניט געקאָנט שוין אָפּרייסן זיך, שיער ניט משוגע געוואָרן!

...וואָס מיך האָט פארכשופט אין אייער בוך — איז דער הייליגער פשוטער אמת, ניט געקינצלטע פּראָסטקייט. הייִנט די שפּראך! ניין, איר זענט ניט נאָר א גוטער ערליכער, געטרייער שומר פון א רייכן, אומגעהויער רייכן אוצר — איר זענט א טאלאנט פון גאָט געבענשט מיט א נשמה פון א קינסטלער, וואָס קען זיך ניט.

...מען דאַרף דאָך האָבן א כח, מען זאָל מיך ניט נאָר מאכן לאכן (פאראן בא אייך ערטער, וואו איך האָב זיך געהאלטן בא די זייטן לאכנדיג), נאָר אויך ציהען בא מיר טרערן. איך שווער אייך בהן שלי, אז איך האָב געוויינט גלייך מיט אייך אלע, בעת אייער זיידע האָט אייך אלעמען געבענשט ערב יום־כפּור און בעת אייער באָבע די צדקות איז געלעגן אויף דער ערד, און דער זיידע האָט הונדערט מאָל געחלשט. זאָלן מיר אזוי פרייען זיך אינגיכן אויף ישועות ישראל, ווי איך האָב געגאָסן מיט טרערן, און ניט ווייל א מענש איז געשטאָרבן. רב"שע! וויפיל מענשן שטארבן בכל יום ובכל עת ובכל שעה!...

...איך בין באמת גרויס בא זיך, וואָס אונזער נאָך יונגע יידישע פאָלקס־ליטעראטור איז בארייכט געוואָרן מיט אזא בוך, ווי אייערע „זכרונות". וועט איר אייערע „זכרונות" שרייבן ווייטער?...

אייער דאנקבארער לעזער, חבר און תלמיד **שלום־עליכם**

# אהרון איזאַקס אַוטאָביאָגראַפיע

יידיש — נחום שטיף

אהרון איזאַק, געבוירן אין דייטשלאַנד אין דער ערשטער העלפט פון XVIII-טן יאָרהונדערט, דערציילט זיינע לעבנס־זכרונות אין דעם יידיש, ווי מען האָט גערעדט דאַמאָלס אין דייטשלאַנד. ער שילדערט דאָס יידישע לעבן אין מעקלענבורג, לייפּציג און אין אַנדערע קאַנטן פון דייטשלאַנד. אהרון איזאַק איז געווען דער ערשטער ייד, וואָס האָט, אויסוואַנדערנדיג פון דייטשלאַנד, באַקומען אַ דערלויבעניש צו וואוינען אין שוועדן. ער האָט נאָכגעצויגן נאָך זיך קיין שוועדן אַנדערע יידן פון דייטשלאַנד און זיי געהאָלפן זיך באַזעצן דאָרט. ער האָט פאַר יידן געעפנט „אַ ניי לאַנד" — שוועדן, וואו ביז אים האָבן יידן ניט געטאָרט קיין פוס שטעלן. זיין וועג איז געווען ניט קיין גרינגער. ער האָט אויסגעדינט אַלע עבודה זרהס: לויט זיין פּראָפעסיע אַ שטעמפּל־גראַווירער, איז ער געוואָרן אַ סוחר, געהאַנדלט מיט צירונג, מיט גאַלאַנטעריי, אפילו מיט ציגן, געווען אויך אַ צושטעלער בײַ דער אַרמיי (אין שוועדיש־רוסישן קריג). און אַדאַנק זיין זעלטענער ערליכקייט און גרויסער ענערגיע האָט ער זיך סוף כּל סוף דערשלאָגן צו אַ גרויס אָנזעהן.



# בער באָלעכאָווער / זכרונות

(אַ יידישע און אַ העברעאישע אויסגאַבע)

## צום ערשטן מאָל פאַרעפנטליכט מיט איינלייטונג און הערות פון ד"ר מ. ווישניצער.

א יידישער סוחר פון XVIII־טן יאָרהונדערט דערציילט זיינע איבערלעבונגען אויף א בולטן אופן. ער גיט איבער קלאָר דאָס לעבן פון א קליין יידיש־גאַליציש שטעטל אין זיין צייט, דערציילט די פאַרשיידענע צרות, וואָס די יידן האָבן זיך דאַמאָלס אָנגעליטן סיי מצד דער פּוילישער רעגירונג, סיי פון ווילדע באַנדעס, וואָס פלעגן מאַכן אָנפאַלן אויפן שטעטל, הרגענען, רויבן, פאַרברענען די הייזער וכדומה. בער באָלעכאָווער גיט א סך מאַטעריאַל פאַרן יידישן היסטאָריקער וועגן דער דאַמאָלדיגער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן און איבער זייערע בילדונגס־פאַרהעלטענישן.